ל. פיינבערג

# גרויס־שטאט



פאַרלאַג
פ ר י י ה י י ט
ניו יאָרק
1928

# אינהאַלט

# אױף שטײנערנער ערד

ס'האָט די שטאָט מיט עלעקטרישע פֿינגער
אונז געגאַנגלט צום קרײַץ פֿון שטײן,
זױגט דער װאַנזין מיט סם'יקע צינגער
אונזער בלוט, אונזער מאַרך און בײן.

שפּאַנען מעג, װי געפּאַנצערטע אויטאָס,
איבער ברודיקן לײַב פֿון שטאָט.
און עס פֿרײַכט, װי צעאײַטערטע בלאָטערס,
אונזער האַרץ אונטער שטאָלענעם טראָט.

און אין אויפֿשניט פֿון װאונדן צעברענטע,
אין דעם שאָטן-און-ליכט געפֿלעכט,
שװימען װאָלקנס, װי שװערע אַקרענטן,
צו די האַפֿנס פֿון שװאַרצע נעכט.

קומט קאַיאַר מיטן מויל צעגעניצט
און פֿאַרשלינגט פֿונ'ם טונקעלן רוים
דער לבֿנה'ס גינגאָלדענעם פּענעץ
אױף יענער זײַט מערבֿ-זױם.

װערן װאַכיקער טריט און שטימען,
שײַלט זיך העלער דער בױגן פֿון בריק,
און עס שטאַרט, װי אַ פֿויסט אין הימל,
גרױער קוימען פֿון נאָענטער פֿאַבריק.

װערט מײַן אומרו נאָך העלער צעצונדן
אַפּ'ן אומבױג פֿון יעדן ראָג —
דעק איך אָפּ מײַנע שפּיזיקע װאונדן
אַנטקעגן דעם אָנקום פֿון טאָג.

אַז די זון זאָל מיט פינגער באַזאַלבטע
מיר פאַרהיילן דעם וואונדיקן רים
אין צעאייטערטן האַרץ, אין צעהאַלבטן,
וואָס די שטאָט האָט צעטראָטן אין מיסט.

ווערט מיר קלאָר, אַז מיט זוניקע לידער
איז געצייכנט מיר דאָ און באַשערט
צו פאַרזייען דעם פלאַם פון מרידה
אויף דער פרעמדער און שטיינערנער ערד.

פעב., 1928.

## 1. נ א כ ט

ווען שאָטנס נאַכטיקע די זון פון הימלען טרייבן
און אימפּעטיקע שטאָט אין שוים פון אָוונט פאַלט,
פאַרשניידט דער האַר פון נאַכט אַן אייפערדיקן דריי־בונד
פון זונות לוסטיקע, לבנה און אספאלט.

מיט אויגן גלאַנציקע און טרויער אַף די ברעמען,
אַף גאַסן רוישיקע — פון אָוונט ביז קאַיאַר —
מאַגדאַלעס וויגן זיך, ווי ווייסע כריזאַנטעמען,
און טרוימען וואַכעדיק אין חלום זייער וואָר.

און וואָלקענס יאָגן זיך נאָך שאָטנס פון לבנה,
די צונג אַרויסגעשטעקט, פאַר׳חלשטע פון זינד,
ווי פרושים הייליקע — נאָך צניעות׳דיקע נאָנעס,
ווי נאָך אַ יונגער צויג — אַ טשאַטע הייסע הינט.

דער רויש פון נאַכט פאַרשלינגט דאָס הייסע, שטומע האָווקען
פון וואָלקנס גיריקע אין הימלישן ווילקיר.
און ווי אַ לוסטיקע און אויסגעפּוצטע נאַפּקע,
לבנה גייט אַרויס אַף נאַכטיקן שפּאַציר.

פון דזשאַז פאַר׳חלש׳טע צעצינדן טראַטואַרן
אין שטומע אָרגיעס לבנה׳דיקן וואָן —
ביז מאָרגנשטערן העלט און בלוי־טאָג נעמט זיך שאַרן
מיט טריט מיט ראָזעווע, מיט לייכטן הירשן־שפּאַן.

די שאָטנס פון דער נאַכט פאַרשווינדן ראַשיק, הילכיק.
און ווי דורך ראָזע ניפּלען פון אַ יונגער פרוי —
טריפט איבער מויערן, קאַיאַרעדיק און מילכיק
אין גאַסן — מיילער אָפענע — דער מאָרגנטוי.

## 2. קאַיאָר

איבער גאַסן און דעכער און פּלויגען,
פאַרחלשט פון ליבע־זעט,
ליגט די נאַכט, ווי אַ מידע זונה,
אויף איר קויטיקן הימל־בעט.

ברייט צעפּראַלט זיך, מערב־טירן,
הייסע פּאַקלען אין מזרח צינדט:
זונה־נאַכט האַלט ביי הייליקער פּטירה
נאָך אַן אָרגיע פון תאווה און זינד.

נאָך אַ זיפץ אויף די ליפּן, די הייסע,
נאָך אַ שטרעק פון פאַרחלשטער האַנט —
און עס ציט זיך דער זינדיקער גוסס
צו דעם לעצטן מערב־לאַנד.

איבער מילכיקע, ראָזע קאַיאָרן
פירט לבנה — אַ זילבערנער פערד —
דער זונה'ס ליכטיקן ארון
צו דעם מויל פון צעפּראַלטער ערד.

און די וואָלקנס ווי הימלישע טרעגער,
באַלאָדן מיט לבנה'יקע פעק,
באַגלייטן דעם נאַכטיקן פּגר
אויף זיין לעצטן, קאַיאָריקן וועג.

און פון מזרח, אין גאָלדענע קרוינען,
ווי אַ זוניקער זאַנגען־סנאָפּ,
שפּאַנט דער טאָג איבער דעכער און פּלויגען
מיט זיין כוואַליעדיק־יונגן קאָפּ.

אַפּריל, 1926.

## אַף דער גאַס פון ווינטן

מיר וואוינען אַף דער גאַס פון ווינטן,
אַף דער פופצענטער און אורווינג-פּלאַץ,
וואו אַף הימלען, אין פלעקן צעפינטלט,
איז די זון — ווי אַ גאָלדענע טאַץ.

ווען דער שקיעה'ס צעבלוטיקטע צינגער
לעקן ס'גאָלד פון די שטיינערנע טרעפּ,
שפּילן ווינטן, ווי צערטלאַכע פינגער,
איבער אונזערע יונגע קעפּ.

דורך די טעג, דורך די נעכט און קאַיאָרן, —
מאַנאַטאַן און פאַרדומפּן און ווּסט, —
קלאַפּט דער דופק פון שטאָט, ווי שפּאָרן
אַף אונזערע מידע פּיס.

נאָר פריידיק און שטיל און באַשיידן
און דערווייטערט פון ראַשיקן פּלאַץ,
איז צעפּראַלט אונזער אָרימער חדר
צו דער זון — ווי אַ גאָלדענע טאַץ.

ס'האָט די שטאָט איבער אונז זיך פאַרטאַיעט
און פאַרברודערט אונז ביידן אין נויט:
איך אַרבעט ביינאַכט אין דער „פרייהייט“
און דו אַרבעטסט ביי טאָג אַף ברויט.

ווען אין בלוי פון פאַרטאָגיקע שויבן
כ'קום אַהיים דערשעפּט און מיד,
ביזטו גרייט זיך שוין אויפצוהויבן
צו דיין טעגלאַכער שווערער מי.

און פֿאַרנאַכט, אין פֿאַרנעפּלטן טונקעל,
ווען דו קומסט פֿון דער אַרבעט, — אפֿשט
קענסטו טרעפֿן מיין גוף נאָך פֿאַרזונקען
אין די קלעפּיקע נעצן פֿון שלאָף.

ס'האָט די שטאָט, ווי אַ דאַרשטיקער שפּאַרבער,
אונז פֿאַרקלעמט אין די שטאָליקע הענט
און פֿון דינעם, צעלעכערטן שאַרבן
זויגט דעם מאַרך צווישן דולע ווענט.

יאָ, מיר וואוינען אַף דער גאַס פֿון ווינטן,
וואו עס ווירבלט זיך ראָג אַף ראָג.
נאָר אַף הימלען, אין פֿלעקן צעפֿינטלט,
גייט די זון פֿאַר אונז אויף יעדן טאָג.

דעצ. 1927.

צוועלף

# אונזער ליד

ה. לייוויק׳ן

אונזער לעבן איז אָרעם און ווּיסט
און געזעטיקט מיט פּיין און מיט ווייען,
נאָר ס׳איז ליבער דאָס היימישע מיסט
פון דעם קויטיקן גאָלד אַף בראָדווייען.

אונזער וועלט איז פאַרדומפּן און איינג
און געקלאַמערט אין ווערטער־שינעס,
און עס גליען אין הערצער געדריינג
הייסע קוילן פון שוואַרצער קנאה.

אָבער טיף אונטער ברודיקן שטאָל
פון ווערטער, פון גאַליקע, בייזע,
פליסט אַ ריינער און לויטערער קוואַל —
אונזער ליד — אונזער העלער דערלייזער.

ס׳איז געשטופּלט דאָס פּנים פון שטאָט
און צעאַקערט מיט שטאָלענע קאַרבן,
נאָר עס רייפט אונזער ליד מיט גנאָד
איבער טעג, ווי די גאָלדענע גאַרבן.

זאָל די שטאָט, ווי אַ האַריקע שפּין,
רויטע זאַפּטן פון האַרצן זויגן —
אונזער ליד — ווי אַ גלויביק קינד
מיט צעבליטע און ליכטיקע אויגן.

אונזער לעבן איז אָרעם און ווּיסט
און געזעטיקט מיט פּיין און מיט ווייען,
נאָר ס׳איז ליבער דאָס היימישע מיסט
פון דעם קויטיקן גאָלד אַף בראָדווייען.

פּעב. 1928.

# טרעפ

אין באַגינענס באַשווערטע און שוואַנגערע
מיט די זאַמען פון נאַכטיקן סוד,
ווען איך קום פון מיין היליקן וואַנדערן
איבער פרעמדער און קויטיקער שטאָט. —

שלינגען טריט נישט די ניכטערע טויערן
איבער מידע, פאַר׳שיכור׳טע קעפּ,
נאָר דאָס ווערימדיק האַרץ פון די מויערן —
די צעהויקערטע, קרומע טרעפּ.

פאַזע ווענט, ווי פאַרוואָרלאָזטע הייליקע,
ביז די זוילן באַדעקטע מיט קרעץ, —
שאַרט מיין גוף זיך אין ליכט אין גרויליקן,
אין טערפּקען געשטאַנק פון קעץ.

ערשט אין צימער אין שטילן און זויבערן
בליט מיין האַרץ אויף אין שיין פון טאָג,
ווי פאַרצייטנס פאַר פרעה׳ס צויבערער —
אהרנ׳ס טרוקענער כשוף-שטאָק.

איך וויים: אין אַ נאַכט, ווען ס׳וועט רעגענען
און וואַכן וועלן ניכטערע קעפּ, —
וועט דער טויט מיך אַמאָל באַגעגענען
אָף די קרומע, צעהויקערטע טרעפּ.

יולי, 1926.

# אין סטאַדיום

טונקל פעלד. און אַ בינע אין בלויען.
און טשאַיקאָווסקי'ס „אַכצען-צוועלף".
און פאַרביינקטע פידלען וואָיען,
ווי אין שניי פאַרבלאָנדזשעטע וועלף.

ס'איז שטיל — און אין פריידיקן הערן
פאַר'כשופ'טע זינקען קעפּ —
און עס צינדן זיך פלעמלאַך, ווי שטערן,
צווישן עולם אַף שטיינערנע טרעפּ.

איך צעוואַרף מיינע בליקן ווי פיילן —
און ס'דערשפּירט מיין אומרואיק בלוט:
אין דער הויך צווישן ווייסע זיילן
אַ מיידל אין אַ גרינעם הוט.

נעמען צויבערן שטיל וויאָלאָנטשעלן
נישט געזעטיקטע, הייסע פרייד, —
הענגט מיין האַרץ אַפן זוים, אַפן העלן
פון איר טונקל און וואַרעם קלייד.

אין געאייל פון פאַר'כשופ'טע שטונדן
בלייב איך שטיין אַפן שטיינערנעם אָרט,
ביז עס פאַלט, ווי אַ פויגל פאַרוואונדעט,
איבער קעפּ דער לעצטער אַקאָרד.

ס'נעמט זיך לעשן דאָס ליכט אַף דער בינע,
ס'וואַכן אויף די פאַרזונקענע קעפּ —
און דאָס מיידל אין הוט אין גרינעם
פאַרשווינדט פון די שטיינערנע טרעפּ.

יולי, 1927.

# דער מצורע

אפ׳ן קרייץ-וועג פון גאסן, וואו עס יובלט און יאָמערט
די נשמה פון שטאָט פון קאיאָר ביז שפּעט,
שטייט דער שטומער מצורע ביי אַ טונקעלן עמוד
אַף די וואונדיקע קני אין אַ שטילן געבעט.

יובלט נאַכטיקער וואַן אפ׳ן שייטער צעברענטן,
טאַנצן בלויע לאַמטערנעס, פאַר׳חלש׳ט פון דזשאַז,
און עס וויגן זיך זונות, ווי געפאַרבטע אַקרענטן,
אין די ליכטיקע האַפנס פון צעכוואַליעטער גאַס.

נעמט זיך לעשן די נאַכט נאָך דער דריטער אשמורה,
לאָזט ער הערן דער וועלט זיין שטומען רוף:
— „אַלע זודיקע תאוות — אויף מיר, דעם מצורע,
אַלע נאַכטיקע זינד — אויף מיין קרעציקן גוף!“

— „איך האָב תפלה געטאָן צו דעם הייליקן אונן,
וואָס האָט טריפן געלאָזט זיין זרע אַף דר׳ערד, —
און דערלייזט איז דאָס לייב פון דער קרעציקער זונה,
און געלייטערט די פּיין פון דעם זינדער׳ס באַגער“.

— „אַפ׳ן הייליקן פלאַם פונ׳ם נאַכטיקן שייטער
האָט מיין גוף זיך געפּייניקט — און איר אַלע זייט ריין.
איר זייט אַלע דערלייזט, איר זייט אַלע געלייטערט,
נאָר איך איינער בין זינדיק, בלויז איך איינער אליין!“

און אַ שפּראָץ אַף קאיאָר, ווען דער טאָג ווערט געבוירן
מיט געפּייף פון פאַבריק, מיט געוויין פון קינד,
הויבט זיך אויף פון די קני דער שטומער מצורע
און פאַרווישט אַלע פלעקן פון נאַכטיקער זינד.

נעב., 1927.

זעכצן

# האַרבסט

## 1. אין פּאַרק

ס'האָט היינט ביינאַכט די ערשטע וויאָלע בלעטער
אַ געלע האַנט צעוואָרפן איבער פּאַרק
און אויסגעשפּרייט אַ באַרגיקן געקלעטער
און אָנגעהויפט אַ בלעטערדיקן באַרג.

דורך צוויַיג־געפלעכט און גראָזיקע שפּאַרונעס
שפּאַצירט דער ווינט אין ווירבלדיקן וואָן,
ווי ס'גייט דער בויגן איבער פידל־סטרונעס
אין לויטערן, אין גאָלדיקן געשפּאַן.

דער פּאַרק איז וואַך און פול מיט העלן שווייגן
און וואַכער נאָך און פולער איז מיין האַרץ.
ס'האָט פריער האַרבסט שוין אָנגערירט די צווייגן —
און ס'שפּירט מיין האַרץ די פינגער פון'ם האַרבסט.

דער מולד רייסט, ווי פוילע ציין, די שטערן
פון אָנגעשוואָלענער, צעפּראָלטער קעל,
און הימל שפּייט מיט שטערנדיקע פּערל
דורך נאַכט'ס צעלעכערטער און בלויער פעל.

ס'האָט ערד דערשפּירט די זאַפטיק־פולע קרעפטן
פון איר צעפּרייכטן, שווארצן מוטער־לייב, —
און ס'בייגקט די וועלט נאָך שלמות און באַהעפטונג,
ווי ס'בייגקט נאָך מאַן די רייפע פרייד פון ווייב.

זאָל יאָמערן אין מיר די לעצטע לוסט צו פרויען,
ווי ס'וויינט די ווערבע נאָך איר לעצטן בלאַט, —
נאָך בויגט זיך ניט מיין קאָפּ אין צער, אין האַרבסטיק־גרויען,
און ס'איז מיין האַרץ מיט לעבן נאָך ניט זאַט.

זיבעצן

## 2. דער זון צוקאַפּנס.

אין די נעכט, אין די הייסע און שוואַרצע,
ווי דער בויך פון אַ נעגער־מויד,
איז באַשערט מיר מיט הענט פאַרשאַרצטע
און מיט אויגן — פאַרנעפּלט און רויט —
איבער טרוקענע צייטונגען פראַצן
פאַר מיין אָרעם און טרוקן ברויט.

ערשט קאַיאָר, ווען דער זונ'ס מילשטיין
רייבט פון ברודיקער נאַכט דעם ראַסט,
ווען דער האַרבסטיקער מאַנטל הילט שוין
אין פאַרטאָגיקן טוי דאָס גראָז,
און די מזרח־קאַפּעליע שפּילט שוין
די סימפאָניע אין בלוי און ראָז, —

נעמען טריפן, ווי ליכטיקע טראָפּנס,
מיינע טעג אין מיין וואַכיקן וועג.
דעמאָלט לייג איך דער זון צוקאָפּנס
מיין געבענשטן, מיין גאַנצן פאַרמעג:
מיינע טעג, ווי די גאָלדענע סנאָפּעס,
מיינע לידער, ווי גאָלדענע טעג.

סעפּ. 1927.

# קאַיאָרן

.1

ס'האָט אַ פעברואַר-נאַכט זיך געטונקען אין שניי
און געברענט, ווי אַ פראָסטיקער דאָרן,
ווען אַף בראָכשטול פון טאָג האָט מיין ערשטער געשריי
צעלעכערט דאָס בלוי פון קאַיאָרן.

איבער זינדיקע נעכט איבער זוניקע טעג,
אין געראַנגל מיט טרוימען און וואָרן,
האָט מיין שטורעמדיק האַרץ זיך געשניטן אַ וועג,
אַף אייביק פאַרליבט אין קאַיאָרן.

און אין פריידיקער שרעק פאַרן ליכטיקן שוועל
און מיט פיינען געזעטיקט און יאָרן,
וועט פאַרגיין אין אין-סוף מיין געלייטערטע זעל
אַף די זעגלען פון בלויע קאַיאָרן.

.2

אַף די שטאַנגען פון ברונימער בלויע
היינגט מיין האַרץ — אַ העלער געפאַנג —
און עס שוועבט מיין פאַרוויגטער אויער
אינ'ם תהו פון בלויען געזאַנג.

ציען וואָלקנס, ווי גאָלדענע לעמער,
איבער הימלישע, בלויע טרעפּ,
און דער מולד — אַ זילבערנער עמער —
פון די בלויע ברונימער שעפּט.

בײנצן

ווען עס צינט דער מזרח-שייטער
בלויע הימלען אין העלן פלאַם, —
איילט די זון, ווי אַ גאָלדענער רייטער,
אפן רוקן פון ווייסן לאַם.

און אף שטאַנגען פון ברונימער בלויע
היינגט מיין האַרץ — אַ העלער געפאַנג —
ביז עס זינקט מיין פאַרוויגטער אויער
אינ׳ם תהו פון בלויען געזאַנג.

.3

אַף די פרילינגדיקע גאַסן פון קאַיאָרעדיקער שטאָט
אין געקלימפער פון אַפּצאַסן הילכט מיין וואַכעדיקער טראָט.

ציען וואָלקנס — ווייסע רייטער — אויסגעצוואָגענע פון טוי
מעלקן פולע, פעטע אייטער פון קאַיאָרעדיקן בלוי.

איבער טענעמענטס און דעכער, מאַיעסטעטיש העל און רונד,
אינ׳ם בלויען הימל-בעכער שווימט אַ פייערדיקע זון.

שמידט אין גאָלד-צעגליטן פורעם זיבן קרוינען פאַרן טאָג,
צינדט דעם שפּיץ פון יעדן טורעם, פאַרבט דאָס מיסט
פון יעדן ראָג.

און אַף זון געקושטע וועגן פון צעשטראַלטן טראָטואר
זון-אַנטקעגן, טאָג-אַנטקעגן אין צעכוואַליעטן ווירוואַר.

איבער פרילינגדיקע גאַסן פון קאַיאָרעדיקער שטאָט
אין געקלימפער פון אַפּצאַסן ברענט מיין יובלנדיקער טראָט.

אַפּריל, 1927.

צוואָנציק

# שונאים

נעם צו פון אויפגעשטראַלטן פּנים
די ווייסע שלאַנגען — דיינע הענט.
מיר זיינען צוויי פאַרליבטע שונאים
אין קלעם פון וואַנזיניקע ווענט.

די שקיעה לעקט מיט דולע צינגער
פון גוסס'דיקן טאָג דעם סם.
פאַרברעך די דורכזיכטיקע פינגער
אַנטקעגן קרייץ פון פענצטער־ראַם.

און זע: פון פלאַקערדיקע שויבן,
וואָס זון — דער פייער־דאָרן — צינדט,
דאָס הייסע בלוט פון שקיעה־טויבן
אין רינשטאָקן פון אָוונט רינט.

איך ווייס: דורך טונקעלע געוועבן
מיין גורל שפּינט זיך היים און רויט:
כ'האָב דיך געזוכט מיין גאַנצן לעבן, —
דו זאָלסט דערפירן מיך צום טויט.

און איינמאָל אין אַ דולער שקיעה,
אין קלעם פון וואַנזיניקע ווענט,
וועסטו אַרום מיין האַלז פאַרציען
די ווייסע שלאַנגען — דיינע הענט.

יאַנ., 1927.

## שוואַרצאַפּלען

אַ, דו — מיט גאָלדיקע שוואַרצאַפּלען,
מיט ליפּן שווימיקע פון האַס, —
זאָל ווידער היינט מיין האַרץ זיך צאַפּלען,
צעטראָטן אונטער דיין אַפּצאַס.

איך בין פאַר דיר אַף קרייץ געגאַנגען,
דערלייזן דיך פון אַלע זינד —
און זע: מיין גוף אַף שוואַרצע שטאַנגען
צעלעכערט וויגט זיך, שווער און בלינד.

לייג צו צו דאָרשטנדיקע ליפּן
די שוואָם מיט עסיג און מיט גאַל,
ווען ס'וועלן סטאַרטשענדיקע ריפּן
זיך אָנציען צום לעצטן פאַל.

און צופאַלן וועסטו און זויגן
פון מיין צעלעכערטן געפעס,
ווען מידער בליק פון שטאַרע אויגן
וועט פיינלאַך וואַרטן אַף אַ נס.

נאָר היט זיך, דו! — ס'וועט נישט געראָטן
דער בלוטיקער און ווילדער שפּיל.
איין אויגנבליק — און ליגסט צעטראָטן
מיט הענט געקרייצטע אָפן דיל.

פאַרחלשט הייגנען די שוואַרצאַפּלען
אַף קרייץ פון וויגנדיקע ווענט.
ווען ס'וועט דיין שווימיק לייב זיך צאַפּלען
אין לעצטן קלעם פון מיינע הענט.

מאַרץ, 1927.

* *
*

אַ, יונגע איזאַדאָראַ דאַנקאַן,
מיטן שלאַנקן אַנטילאָפּן־גוף,
כ'האָב געזען דיינע בליקן בלאַנקען —
און געענטפערט דיין זינדיקן רוף.

כ'האָב נישט איינמאָל געלאָזט שוין ברענען
אָפּן שייטער פון זינד מיין לייב.
זויג מיך אויס, — ווי מיין חבר יעסענין, —
דאָס אַלטע און פּרעכטיקע ווייב.

כ'האָב געמיינט ביזט אַ פּשוטע זונה —
(אַ, פאַרגיב מיר מיין לעסטער, פאַרגיב!) —
אין פאַרקאָם פון די האָר דיינע ברוינע,
לויט'ן קרום פון געפאַרבטער ליפּ.

האָסט געבראַכט מיך צו זיך אין צימער
און פיינלאַך פאַרהאַקט די טיר,
און אין ליכט פון לבנה'יקן שימער
זיך געזעצט ביים שוואַרצן קלאַוויר.

כ'האָב געבעטן דיך שפּילן ס ק ר י אַ ב י ן,
און דו האָסט געשפּילט ש אָ פּ ע ן —
און ס'האָט זיך געוואָלט מיר שטאַרבן
אַף די קלאַווישן פון דיינע הענט.

דו האָסט אָפּגעהאַקט פּלוצים, — נאָך איידער
האָסט פאַרענדיקט דעם לעצטן אַקאָרד, —
און אַ שליידער פון זיך די קליידער,
און אַ דריי אין פאַר'כישופטן ראָד.

ס'האָט זיך חושך געבראָכן גרויליק
אין דינעם, פראַגילן גלאַנץ —
און ווילד איז געווען און הייליק
דיין זינדיקער, הייסער טאַנץ.

ס'האָט לבנה געבלייכט זיך רונדיק,
און געשפּרייט אַ ליכטיקן פּאַס —
און ס'האָט זיך מיין האַרץ צעוואונדיקט
אָן דיין שאַרפן, דיין רויטן אָפּצאַס.

און שטיל, ווי אַ גלויביקער אינגל,
אין ווירבל פון ווילדן גאַלאָפּ,
האָב דערזען אין אַ גאָלדענעם רינגל
דיין ברוינעם, דיין זינדיקן קאָפּ.

אַפּריל, 1927.

# דיין שמאָלע האַנט

דיין שמאָלע האַנט איז רונד און רייפיק
און שטאָלץ און טראָציק איז דיין שפּאַן.
נאָר ס'קלאַפּט דעם לעבנס דולער דופּק
אין יעדן פינגער פון דיין האַנט.

מיין זעל איז מיד — נאָר ס'בלייבן אָפן
די העלע צעלן פון מיין זיין:
פאַר נייע, ווייטיקדיקע סטראָפן,
פאַר נייער, זינגעוודיקער פּיין.

איך האַלט דיין האַנט — און שטראָמען פליסן
פון האַרץ אין זינגעוודיקער זעל.
איך ווייס, ס'איז דיר באַשערט צו שליסן
די שווערע טיר פון לעצטער צעל.

און ס'וועט אַף אייביק זיך פאַרקניפּן
דער קנויל פון ליד ביים לעצטן ראַנד,
ווען פאַלן וועט אַף מיינע ליפּן
דיין וואַרימע און שמאָלע האַנט.

יולי, 1927.

## שטיינערנע שפּאַנען

וויפיל טעג, ווי די גאָלדענע טויבן,
פאַלן טויט אַפ'ן שטיין פון שטאָט.
וויפיל פלאַטערן נעכט אַף שויבן,
ווי די שטערן אין לבנה'יקן ראָד, —
וויפיל פרויען האָב איך שוין דערהויבן
פון דער זינדיקער ערד — צו גאָט.

גאָר עס האָבן מיך פרויען דערנידערט
צו דעם אָפּגרונט פון זינדיקן בעט,
איז די שפּיל מיר געוואָרן דערווידער,
ווי דער ליגן פון זיסן געבעט —
איצטער ווײַנט פון די מידע גלידער
די איבערגעזעטיקטע זעט.

זאָל אין סוף פון די טעג, דאָנאַ־אַנאַ,
כאָטש באַשערט זײַן דורך דיר אויפן וואָר,
מיר — דעם שענסטן פון אַלע מאַנען —
אינ'ם אויפבלי פון לעצטן קאַיאָר
פאַלן טויט אונטער שטיינערנע שפּאַנען
פון דעם אייפערדיקן קאָמאַנדאָר.

נאָוו., 1927.

# אַף אַ ווײַל

כ׳בין געקומען, אַן אורח אַ מידער,
צו פֿאַרבלײַבן מיט אײַך אַף אַ ווײַל —
און ס׳האָט מיך און מײַנע לידער
נישט געשווינט אײַער גיפֿטיקע פֿײַל.

ס׳האָט פֿאַר׳סמ׳ט אײַער פֿלאַכער ביטול,
און פֿון פֿרײַנטלאַכע רייד — די גאַל,
און געפֿאַלן איז איעדע ריטל
אַף מײַן האַרץ, ווי אַ בײַטשן-קנאַל.

ס׳הײַנגט מײַן גורל אפֿן העכסטן שטאַפּל
פֿון פּראָסטיקן אויטאָ-דאַ-פֿע —
און איך זיץ דאָ מיט אײַך און פּלאַפּל
בײַם טיש פֿון פֿאַררויכטן קאַפֿע.

כ׳הער מיך צו מיט פּײַן, מיט באַשערטער,
און מיט שמײכל פֿון צווייפֿל און צער
צו די פֿלאַכע, צעשויבערטע ווערטער
פֿון דעם גרויען, פֿאַרוועלקטן בונטאַר.

און מיט עקל און האַס געשוועסטערט,
וואָס פֿאַרצערן מײַן מידן גוף,
הער איך אויס, ווי עס חוזק׳ט און לעסטערט
דער סקעפּטיקער און בעל-הגוף.

און אַז אַלע פֿון מיר אַנטרינען
און ס׳פֿאַרגייט דער שטויביקער רעש, —
בלײַב איך איינער אַליין ביז באַגינען
איבערן טעצל ציגאַרן-אַש.

ווען ס׳וועט אָפּהילכן שאַרף און בולט
דער רוף, ווי דער לעצטער אַקאָרד, —
וועט דער ווייזער פֿונ׳ם בלאַסן מולד
מיר צייכנען דעם וועג צו נאָרד.



יוני, 1927.

## איך וויים

איך ווייס: אין קלעם פון איינגע צימערן
ביים ראַנד פון גסיסה'דיקער וואָר
וועט קיינער, קיינער זיך נישט קימערן
פאַר מיינע אָפּגעברויזטע יאָר.

און דו, מיין זינדיקע, געלייטערטע,
זיך אייביק-בייטנדיקע פרייד,
נישט דו וועסט הערן די דערווייטערטע,
די לעצטע, שטאַמלנדיקע רייד.

דו וועסט נישט קומען זיך געזעגענען,
מיין שטערן קושן שטיל און פראָסט:
כ'וועל אויבן קיינעם נישט באַגעגענען,
כ'האָב אונטן קיינעם נישט געלאָזט.

ס'וועט לעצטער בליק די ווענט דערנענטערן
און בלייבן הייגנען צווישן ווענט —
און גאָרנישט, גאָרנישט וועט זיך ענדערן,
און אַלץ וועט בלייבן ווי געווען.

ס'וועט דולע נאַכט מיט שטערן צייניקע
זיך איינבייסן אין הימל'ס קעל,
ווען שטאַרער גוף, מיין הויט-און-בייניקער,
וועט אויסשטרעקן די פיס צום שוועל.

בלויז ווייזערס צווי, ווי פריינט געטראָפענע,
פאַרגליווערט וועלן בלייבן שטיין,
און ס'וועלן שיך מיט מיילער אָפענע
פאַר'יתומ'ט שטאַרן אין געווין.

סעפ., 1927.

*  *
*

ס'איז מיין חדר געוועלבט און דערהויבן
און צעפּראַלט קעגן שטאָט און נאַכט.
שפּילט דער ווינט אַף די פּראָסטיקע שויבן,
ווי דער בויגן — אַף פידל-פּלאַך.

און דורך טרעפּקע, גענייטערטע סטראָפּן,
פאַרוועבטע מיט ליבע און האַס,
איז מיין האַרץ און מיין אויער אָפן
צום געדריינג פון דער שוימיקער גאַס.

נאָר איך פיל ווי די לעצטע געוועבן
רייסט דער טויט שוין מיט אַליקע ציין,
ווערט מיר קלאָר, אַז מיין ראַשיק לעבן
וועט אין איינזאַמער רו פאַרגיין.

צוים איך אַף מיין דערהויבענע תפיסה
פון געדריינג איבער מאַרק און שטאָט —
אַז די נאַכט פון מיין איינזאַמער גסיסה
זאָל איך בלייבן אליין מיט גאָט.

כ'לאָז אַרונטער די שווערע לאָדנס,
אַלע שפּאַרעס און טירן פאַרהאַק:
און מיין האַרץ ווערט אויסגעלאָדן
פון'ם לעבנס צוויי-האַרביקן פּאַק.

דעמאָלט וואַקסן די ליכטיקע פליגל
צו מיין גוף, וואָס איז ליידיק און גלייך —
און עס הוידן זיך שאָטנס אין שפּיגל,
ווי וועסלעס אַף זילבערנעם טייך.

נאָוו., 1927.

# אומזיסט

פאַר מיר איז די וועלט בלויז אַ פּרוזדור
פאַר'ן שוועל צום פאַרהוילענעם גאָט —
און שווער איז דער וועג פון אויסדרייער
אין וואַנזין פון קרעציקער שטאָט.

און פאַר אַלץ וואָס איך טו פאַרבאָרגן
מיט ווייטיק פון פרייד און צער,
נישט ד אָ — נאָר אין ליכטיקן מאָרגן
ווערט געגרייט שוין פאַר מיר דער שכר.

איז אומזיסט דאָ דער קלעטער צו הויכן,
איז אומזיסט די געצערטלטע פּיין, —
סיי־ווי־סיי וועט מיין אויג נישט גרייכן
די קרוין פון ז י י ן זעליקער שיין.

איז מיר פריידיק דאָ אָפּצוגעבן
אַפּ'ן קרייצוועג פון יעדן שוועל:
דעם זינדיקן גוף — פאַרן לעבן,
פאַר א י ם — די געלייטערטע זעל.

אַז אין סוף פון פאַרבלענדעטע יאָרן,
אַפּ'ן ראַנד פונ'ם גוסס'ן ליכט,
זאָל פאַר מיר, ווי דער מדבר־דאָרן,
זיך אַנטפּלעקן ז י י ן לויטער געזיכט.

יולי, 1927.

# אַ זעאונג

כ'האָב זיך געזעגן אַ טויטן ליגן
אַף בלענדנדיקן באַרג פון שניי.
ס'האָט געלער הימל דול געשוויגן,
און נאַכט געשטיקט זיך מיט געשריי.

ס'האָט קיינער מיינע מידע אויגן
נישט צוגעמאַכט אין לעצטער שעה —
און ס'האָט מיין הייסע בלוט געזויגן
דער מולד, ווי אַ ווייסע קראַ.

און אַלץ, וואָס איז צו זען און הערן
אין גסיסה מיר געווען באַשערט,
איז: איבער מיר — ס'געזאַנג פון שטערן
און אונטער מיר — אַ ווייסע ערד.

ס'האָט נאַכט פאַרשניטן אַלע שטימען
און אָפּגעהאַקט דעם לעצטן רוף.
און ס'האָט געשפּיזלט אַלע הימלען
מיין ליכטיקער און לייכטער גוף.

און ד ע ר וואָס האָט ביים זוים פון שפּיגל
אַ לעבן-לאַנג געהיט מיין טראָט,
האָט צוגעדעקט מיט שוואַרצן פליגל
מיין גוף אַף ווייסן עשאַפאָט.

אַפּריל, 1927.

## מיינע פריינט

אלע איר, מיינע נעכטיקע פריינט,
מיינע הארציקע, טרייע און נאנטע,
קומט צופוס, קומט צערייטן היינט,
אין דעם טאג פון מיין שווארצן יאנטעוו.

שלעפט צענויף זיך מיט ווייב און מיט קינד,
מיט די ארעמע בעטלער־קלומקעס
און צעבילט זיך, ווי לבנה׳יקע הינט,
אין דער נאכט פון מיין איינזאמען אומקום.

בייסט זיך איין, בייסט זיך איין אין מיין קעל
מיט צעשטשירעטע, בייזע ציינער —
ס׳איז פארלאזן און הפקר מיין שוועל,
ס׳וועט צו הילף מיר נישט קומען קיינער.

כ׳בין פארשאלטן פון גאט און פון לייט,
און פארראטן האבן פריינט, ווי שונאים.
זאמלט גאל אפ׳ן גומען — און שפייט
אין מיין אפן און ליכטיק פנים.

אבער וואס זאלט איר — הילפלאזע — טאן
מיט מיר, אזא שטאלצן עקשן,
אז מיין קאפ איז פון אייביק אן
דערהויבן איבער אלע אקסלען?

מיר איז גוט, מיר איז גוט, מיר איז גוט
מיט מיין פיין, ווי מיט ווייץ, זיך פארכלינען
און פארגיפטן מיין קריגעריש בלוט
מיט דער שווארצער, מיט א י י ע ר שנאה.

יובלט, פריינט מיינע, יובלט ווילד,
זאלן שונאים פון וואוילטאג טאנצן —
ס׳איז מיין ווארט, ווי א קופערנער שילד,
ס׳איז מיין ליד, ווי א שטאלענער פאנצער.

זעקס און דרייסיק — דעצ., 1927.

# דער
# ליכטיקער
# הינריכטער

# דער ליכטיקער הינריכטער

זאָל איך ביינקן נאָך פרייד, נאָך פאַרלוירענער,
נאָכ'ן קיינמאָל דערפילטן וואונש, —
אַז מיין לעבן גייט אויף, ווי דער יוירענדער,
ווי דער שוימיקער, גאָלדיקער פּונש.

וועל איך טרינקן די פרייד פון די וויינגערטנער,
פון די צייטיקע טרויבן די זעט,
ווייל דער טויט ליגט, ווי איך, אַ פאַרפייניקטער
אפ'ן ערדישן, לעצטן בעט.

זאָל דער אָפּפאַל פון ברודיקע רינשטאָקן
פאַרשטאָפּן דעם קוואַל וואָס טריפט, —
מיינע לידער — ווי בינען אין בינשטאָקן
ברייננען שפע פון האָניק און גיפט.

און מיט וויטיק און פרייד, מיט געשוועסטערטע,
וועל איך טיילן די שפע אַזוי:
מיינע לידער — ווי גיפט פאַר די לעסטערער,
פאַר די גלויביקע — האָניק און טוי.

אַז אַף ליפּן, אַף שטומע און ניכטערע,
זאָל נישט בלאָנדזשען אַ שמייכל פון שפּאָט,
ווען דאָס לעבן — דער ליכטיקער הינריכטער —
וועט מיך ברייננען צום עשאַפאָט.

# צו אייך!

כ'האָב נישט איינמאָל געפּרואווט צעקניפּן
די קנופּן פון טונקעלער וואָר, —
נאָר אָף שטומע פאַראַנקערטע ליפּן
האָט געלויערט ס'געפליגלטע וואָרט.

כ'האָב מיך יאָרן געלערנט צאַמען
מיינע פשוט'ע רייד צו אייך,
ווי מען צאַמט צו די ברייטע ימ'ען
דעם שטראָמיקן וועג פון טייך.

און אַז ס'האָט שוין דער ווייזער געצייכענט
די רייפע, די ריכטיקע שעה,
האָט מיין וואָרט זיך צעקרעלט אין די תויכן,
ווי ס'געשריי פון אַ קרעציקער קראָ.

און הייזעריק שווער און דומפּיק, —
נישט דערגרייכט האָט צו אייך מיין וואָרט,
נאָר פאַרזונקען אין בלאָטיקע זומפּן
און פאַרשטעקט אין אַ זאַמדיקן אָרט.

נאָר אין שפּינראָד פון שפּעטערע יאָרן,
אָפן בראָכשטול פון נעכט און טעג,
ווען דאָס וואָרט, ווי דער הייליקער דאָרן,
וועט שניידן צו אייך אַ וועג. —

וועל איך אָפּגעבן אייך אָף אייביק
נישט מיין וועג, וואָס איז קרעציק און קרום,
נאָר מיין האַרץ, וואָס דערלייזט איז און גלויביק
און מיין ליד, וואָס איז הייליק און שטום.

פּערציק

# איך און איך

די עסטעטן אַ מתנה

אייך איז גוט פֿון אַלטע לאַגלען
טרינקען ווײַן און צערטלען ס'ווייב, —
איך וויל מיט לידער, ווי האַגלען,
בײַטשן דער ערד'ס צעכראַסטעטע לייב.

אייך איז גרינג פֿון שעפּסן און לעמער
שערן די בלויע, האַריקע וואָל, —
איך וויל אָנגיסן פּולע עמערם
לידער-גאָלד און לידער-שטאָל.

אייך איז לײַכט צו שפּילן אין טרויער
ווײַט פֿון מענטשן, טומל און מערק, —
איך וואַרף איבער'ן העכסטן מויער
ווערטער-מילשטיינער, ווערטער-בערג.

אייער וואָרט — אַ פֿאַרביקער פּגר,
פּאַרמעט-גֿעל, פֿאַרצערט און מאַט, —
מײַנע ווערטער — פֿון זוניקן זייגער
שטראַלנדיקער ציפֿער-בלאַט.

אייער ליד — אַ וואַכיקע תּפֿלה
אין גאָט'ס פֿאַרשעמט און טונקל הויז, —
מײַנע לידער — ווי האַגלענדע סקילה,
מײַנע לידער — ווי הייוויקער ברויז.

מאַי, 1926.

# פשטות

נישט די אָרימע, פון וואָרט איבעררעאַשטע,
נישט די שטאַמלער און נישט די כבד־פּה'ס, —
רעדן קאָן דער מיט געלייטערטער פּשטות,
ווער ס'איז אין ווערטער רייך ווי קרעז.

מיר — די גלויביקע, מיר — וואַגאַבונדן,
אָרימע עלטערנ'ס רייכע זין,
גיסן אריין אין ליידיקע שטונדן
ברויזיקן אינהאַלט און נייעם זין.

מיר, וואָס פּלינדערן דער וועלט'ס מאַיאָנטקעס,
זוכנדיק פּערל אין ווערטער־מאָך, —
לאָמיר פייערן די גרויע מ אָ נ ט י ק ס,
שבת'ן די פּראָסטע וואָך.

לאָמיר אויסמאָלן מיט בלוט אויף פּאַנען,
אויסקריצן שטאָליק אויף שטיין פון ווענט:
פּשטות פון רייד, וואָס וועקן און מאָנען,
פּשטות פון האַראָפּאַשנע הענט.

מאי, 1926.

# פּאָעט און סקעפּטיקער

יעקב גלאַטשטיינ'ען

פּאָעט און סקעפּטיקער! מיין ערליך האַרץ-און-זעל
באַגריסן אייפערדיק דיין אויפגעשיינטן שטערן
און בענטשן יובלדיק אַף ערשט-באַזיגטן שוועל
דיין וועג דעם טראַציקן, דיין דיכטער-וועג דעם שווערן.

אַז וואויל און גוט איז דיר, וואָס דיין כהנ'יש בלוט
איז פּראַסטיק און סובטיל, ווי אייזבערג פון אַלאַסקאַ,
און שטענדיק האַלסטו גרייט דעם ביטול-פּאַראַשוט
זיך ראַטעווען אין בראַך פון מעגלאַכער פיאַסקאַ.

וואָס זאָל איך אָבער טאָן, אַז אונטער האַרטער הויט
שרייט ס'רויע, רויטע בלוט מיט ברוויזיקע געשרייען,
און ס'שמעקט מיר דופטיקער אַ לאַבן קאָרן-ברויט
פון אַלע בלומען-קרענץ אין שטאָט-אָראַנזשערייען?

דער עבר איז פאַר דיר: — „אבישג" און „קאַנוט"
און האַרבער, קלוגער יאוש פונ'ם „שטאָלצן קעניג".
און מיר — די געגנוואַרט: דער שפּרונג צום אַבסאָלוט,
דער פלאַקערדיקער רוף צו אַלץ וואָס ווידערשפּעניק.

פאַרבלייב אין רואיקייט פון סטאָאישן סאָקראַט
אין ראַפינירטן שימל פון אַ וועלט אַ ווייטער.
און איך וועל אויפגיין העל — אַ נייער העראָסטראַט —
דערגרייכן ברויזנדיק סאַוואַנאַראָלאַ'ס שייטער.

אַז שלאָגן וועט די שעה פון אויפשטאַנד און פון ברוך
און אויפגיין וועט אין רויט אַ נייע וועלט אין ווייען, —
ווי וועלן קלעקן דאַן די בלעטער פון דיין בוך
פאַר אַלע העל-צעצונדענע אויטאָ-דאַ-פע'ען?

יוני, 1926.

# אין פאַל־און־הויב

כאַטש טויזנט מאָל די העכסטע שטאַפּלען
דורך זינקנדיקער זעל דערגרייך, —
וועט אייביק בלענדן די שוואַרצאַפּלען
דער נס פון וואַקסנדיקער הויך.

וואָס ווייטער ס׳פירט דער וועג צו גערער,
וואָס נענטער ס׳לאָקט דער שטערנשטויב, —
ווערט שאַרפער, הייסער דער געקלעטער,
דער שווינדלדיקער פאַל־און־הויב.

פון טיף — צו הויך, פון הויך — צו נידער
דורך בליץ פון פרייד און גלי פון פיין —
און ס׳יערן שטערנדיקע לידער
אַף ליפּן שוימיקע, ווי ווײַן.

און אַז אין שווינג פון הויך צו העכער,
פון תהום — צום זינדיקן געזאַנק,
טריפט אוים פון אויפגעשוימטן בעכער
דער אויפגעשטורעמטער געטראַנק, —

היינג אויף דאָס האַרץ אַף קרייץ פון שטערן
און גלויב — ס׳איז אייביק וואַך דער נס:
אין פאַל־און־הויב וועט פולער ווערן
דאָס אויסגעליידיקטע געפעס.

פעב., 1927.

# דער נס

... און ס'טרעפט אַמאָל אין וואַכן דרימל,
צי גאָר אין דרימלנדיקער וואַך,
ווען ס'לויערט איבער ערד און הימל
די שוואַרצע העל־זעערין — נאַכט.

איך ליג אין קלעם פון מיין געלעגער
און וואַרט אַן אָטעם אויף אַ נס.
דעם מולד'ס אויסגעצערטער פּגר
מיט בלאַסע טריט דעם חושך מעסט.

דאָס האַרץ איז וואַך — אַוועקגעפלויגן
די לעצטע שוואַלבן פון מיין שלאָף.
און ס'הייגנען אויסגעשטאַרטע אויגן
אויף בלויע שלייפן פון אין־סוף.

אין יענער שעה פון העלער שרפה,
ווען שטאַר און וואַך איז יעדער גליד,
גייט אויף אין מיר די פולע שפע,
און ס'רייפן זאַנגען פון מיין ליד.

ביז ס'קומט דער טאָג — אַ העלער שניטער
מיט זון אַף אַקסלען און אַף הענט —
און בינדט אין סנאָפּעס זאַנגען־לידער,
פון סטראָפן טורעמט סטויגן־ווענט.

אָ, זיסע פּיין פון וואַכע שלאָפן,
אָ, ווייטיקדיקע פרייד פון שניט, —
פון אייך דער נס פון מיינע סטראָפן,
דאָס גאָלד און האָניק פון מיין ליד.

פעב., 1927.

# טאָג פון אָנהויב

סאקאָ און וואַנזעטי

באָסטאָן.
שטאָט געצערטלטע אין שטילן האַפן,
ביים ברעג פון שטורמישן אַטלאַנטיק.
פערטער מאָנטיק אין אויגוסט,
ניינצען זיבן און צוואַנציק,
האָט ריכטער טעיער, —
אַמעריקע׳ס קאַיאַפאַ, —
צוויי נייע יעזוס׳ן
אַף קרייץ עלעקטרישן פאַרברענט.

ס׳וועט אייביק בלוטיקן
די שוואַרצע פייערדיקע דאַטע,
ווען פראָקוראַטאָר פולער,
ווי פאָנטיוס פּילאַטוס,
האָט ציניש אָפּגעוואַשן
די הענקערישע, די פייבערדיקע הענט.

* * *

און מיר — המונים ליכטיקע —
אין שטומען צער, אין שווערן,
מיט הערצער אויפגעשטורעמטע,
מיט אויגן פלאַמיק־טרעריקע
פון שנאה און פון זאָרג, —
מיר הויבן אונזער קול
אַף אַלע ראָגן
עוועניוס און סקווערן
פון געלער, יענקישער אַמעריקע,
פון סאַן־פראַנציסקאָ — ביז ניו־יאָרק.

זעקס און פערציק

ס'האָט יענער מאָנטיק,
ווי אַ שוואַרצער טויכער,
צעבויטעט אין דער טיף
דעם ים פון אונזער צייט.
מיר וועלן יענעם טאָג
פאַרצייכענען אלס זכר,
אַלס ט אָ ג פ ו ן אָ נ ה ו י ב
פאַר אַ נייעם שטרייט.

וואָס שטייניקער דער וועג
און שטעכיקער די דערנער —
אַלץ גרעסער דער פאַרברעך
און בלוטיקער די שולד —
אין הארצן זאַמלען מיר
דער שנאה'ס גרינע קערנער
און צערטלען אייפערדיק
דעם פיינלאַכן געדולד.

זאָל זיין, אַז אונזער קול,
וואָס האָריזאָנטן שפּאַרט
אַריבער אַלע עוועניוס און סקווערן,
האָט אָפּגעשראָקן אייך פון רחמים און פון גנאָד, —
ס'איז בלויז אַן אָנהויב —
וואַרט!
מיר ברעכן אייער וואַנט
מיט אונזער האַרטן שטערן,
מיר טראַמפּלען אייער מאַכט
מיט אונזער ריזן־טראָט.

ס'איז אונזער שטרייט
אַן איינגעשפּאַרט־פאַרברענטער,
און טראַציק אונזער טראָט
און הערלאַך אונזער קריג.
ס'האָט קיינער נישט געהאָפט,
אַז איר וועט בריינגען נענטער
דעם טאָג פון רעכנשאַפט,
דעם טאָג פון אונזער זיג.

מיר שטייען גרייט צום שפרונג
אַף שווינדלדיקע שטאַפּלען
און וואַרטן אומגעדולדיק
אַפ'ן לעצטן רוף:
ווען ס'וועט אין אונזערע,
אין הענט זיך נעמען צאַפּלען
דער פוילער, אייערער,
דער שלאַבעריקער גוף.

קעמפּ „ניטגעדייגעט“, נאַכט פון הינריכטונג,
23טער אויגוסט, 1927.

# דרייסיק יאָר

## אויטאָביאָגראַפישע פּאָעמע

חוה'לן אַ מתנה

## 1. ש ט ע ט ל  מ י י נ ס

שווימט אויף אין מיר און יערט, איר ברויזנדיקע לידער —
און שפּינט מיין לעבן אויס פון חלום און פון וואָר:
צו דיר — אַמעריקע — מיין ווייטיקדיקע ווידוי
פון דרייסיק שטורמישע און צאַפּלדיקע יאָר.

געבוירן אַף די ברייטע סטעפּעס פון אוקראַינע,
און אויפגעכאָוועט ביי אַ פּראָסטער אַם,
האָב איך ביי יחוס'דיקע עלטער-זיידעס מיינע
גע'ירשנט אַלע זיטן פון מיין שטאַם.

מיין פרומער זיידע הרב סענדער כאַשעס
האָט אויפגעבויט אין שטאָט די ערשטע קלויז,
גערימט זיך מיט דער אָפּשטאַמונג פון רש"י,
געהאַנדלט גרויס מיט לעדערוואַרג און שמוים.

מיין איידלער טאַטע איז געווען אַ בעל-מקובל,
אַ גרויסער למדן און אַן אָרימאַן,
האָט אים דער שווער געקויפט פאַר פינף-הונדערט רובל
אַ זיידן-איידעמל זיין טאָכטער פאַר אַ מאַן.

ער האָט גע'עוסק'ט זיך מיט זוהר און קבלה,
למודים וועלטלאַכע געשלונגען ווי אַ שוואָם,
געכאַפּט נישט איין דריי-גאָרנדיקע קללה
פון שווער-און-שוויגער פאַר ניט אויפפּאַסן אין קראָם.

דער אינגסטער ביי די עלטערן, געליבט פוןביידן,
בין איך געווען פאַר זיי אַ טרייסטונג און אַ לויב.
געגעבן האָט מען מיר אַ נאָמען נאָך אַ זיידן,
אַ דריי-געקייטלטן: י ה ו ד ה - א ר י ה - ל י י ב.

נאָך אפֿן אַכטן יאָר האָב איך געזען אַ צייכן
דערפֿון וואָס שפּעטער האָט געלאָקט מיך און פֿאַרבלענדט:
ס'האָט רויטע קרייציקונג געפֿלאַקערט אין די הייכן
מיט פּנים אָפּגעקערט, מיט ברייט־צעשפּרייטע הענט.

איז דאָס אַ שפּיל געווען פֿון וואָלקנס, צי דער יוויזעל
מיט פּנים אָפּגעקערט פֿון זינדיק־ווייטער ערד?
כ'האָב דאַן נאָך ניט געוואוסט, אַז קרייץ־וועג פֿון דערלייזער
וועט מיר, א ו י ך מ י ר, אַף אייביק זיין באַשערט.

כ'האָב אָנגעהויבן פּרי מיט חומש און גמרא.
צו ניין אַליין מיט אַנדערע געקנעלט.
צו צען האָט מיך די נויט גענומען פֿאַרן אָרעם
און אויסגעשפּיגן אין דער ברייטער וועלט.

אַ שטעטל מיינס מיט הייזער ווי די טשערדעס,
צעווישן פֿעלדער קאָרן און פּאַפּשוי,
מיט שטיבלאַך לייםיקע און דעכער־סטערטעס,
וואו שינדלען זעלטענער און אָפֿטער שטרוי.

זאָג, ווער האָט אויסגעטראַכט אַז דו ביזט אָרים,
זאָג, וועמענס קינדער איז דען מער באַשערט:
ווי הייסע זון פֿון טונקל־ברוינעם דרום
ווי שוואַרצע, פֿוטערדיקע מאַמע־ערד?

די פֿעלדער — ברייט־געררייפֿטלטע אין פּאַסן
אַ רייפֿט אין שוואַרץ, אַ רייפֿט אין גרין און געל —
און אויסגעמאָסטן, ווי מיט ווירעם — גאַסן
און העל־געשטרייפֿלט, ווי דער זעברע'ס פֿעל.

צווייי און פּופּציק

אַף פרילינג-סטעפּעס פּליושענע קאַוויאָרן —
דער ערשטער אויפציטער פון פריען רון, *)
און געבט ווי פּעך און מילכיקע קאַיאָרן,
און העלע טעג פון לויטער גינגאָלד-זון.

ס׳קומט זומער-לעב מיט מאַרק-טעג און יאַרידן
מיט הויפנס לעדערוואַרג און גרינסן-בערג,
די גוים קרעשטשען זיך און ס׳שמייען אידן
צעווישן קראָמען, וועגענער און מערק.

די פורן פול מיט דיניעס און קאַרטאָפליעס,
מיט קריפּ און אוגערקעס און קרויטן-קעפּ.
סע ווינקען טירן מיט געפּאַרבטע טאָפּליעס
און ס׳שמייכלען חנ׳עוודיק געגלייזטע טעפּ.

סע סקריפּען הילכיק נישט-געשמירטע אַקסן,
בהמות מעקענען און ס׳הירזשען פערד.
און זרע-גאָב פון זומערדיקע שלאַקסן
טרינקט אָן ביז זעט די טראַכט פון מאַמע-ערד.

די סעדער פול מיט קאַווענעס און קירבעס
און אויבסן קלעטערן פון בוים און בוש —
זאָג, וויפיל ווינטן האָבן דיך און ווירבלס
געשמיסן און געלאַשטשעט און געקושט!

אַ, שטעטל מיינס מיט ווינטערדיקע ווערבעס
מיט פולע קעלערס, שייערן און זעק,
ווען וויאַנענדיקער האַרבסט דעם טויטן קערפּער
פון מאַמע-ערד מיט וויאַלע בלעטער דעקט.

---

*) רון — ערשטער אויפבלי פון פרילינג־זאַנגען.

דריי און פופציק

און שפּינט דאָס גאָלד פון ווילדע ווײַנריב־צווײַטן
מיט שטום־פֿאַרטראַכטע, טרויעריקע הענט:
די אָסיען־טעג — אויף אַלע דײַנע פֿלויטן,
די אָסיען־נעכט — אויף אַלע דײַנע ווענט!

אַ, זיסער צער פון טריפנדיקן רעגן,
אַ, טריבער שטאָלץ פון טײַכן־אָטשערעט, *)
מיט שטילע גרעבליעס, בלאָטיק־גרויע וועגן,
מיט פולער פרייד פון יעסנדיקער זעט!

אַ, זון און שניי און אויסגעפוצטער ווינטער,
אַ, גלאָקן־קלאַנג פון קלויסטער אויף׳ן באַרג, —
ווען ס׳ווערט באַהעפט ס׳בית־עלמין מיטן צווינטער
דורך ווײַס־פֿאַרשנייטן, ווײַט־צעשפּרייטן יאַר.

ווען אָוונט־צײַט דערציילט דער זיידע זישע
ביים שײַן פון קאָנעץ, ווי עס פירן קריג
„דער פעטער פיניע מיט דער מומע ריסיע",
און וויגט פֿאַרטראַכט דאָס אייניקל אין וויג.

ביים קליינוואַרג גלאַנצן אויגן שרעקיק, גיריק,
בשעת דער זיידע רעדט מיט „אָך־און־ווײ",
פֿאַרבײַטנדיק „מ׳מלופּם" פֿאַר אַ „חיריק",
און שלינגענדיק אַן „אלף" פֿאַר אַ „הײ".

אַ, שטעטל מײַנס, מיט גאָלדיק־מילדע האַרבסטן
האָסטו מיר אויסגעבעט מײַן יוגנט־צעל
און שפּעטער אָפּגעריסן מיך פון האַרצן
און ווײַט פֿאַרוואָרפן אין דער ברייטער וועלט.

---

*) אָטשערעט — הויכע, דינע טײַך־געוויקסן.

## 2. גרויס־שטאָט

צו דרייצן יאָר האָב איך געשמט שוין פאַר אַן עילוי,
געלערנט פלייסיק זיך, געזוברעוועט לאַטיין:
געקאָנט אַף אויסווייניק נאַזאָנען און ווירגיל'ן,
געזופּט ביי קלאַסיקער דעם אַלטן, גוטן וויין.

צו פופצען האָבן שוין אַף מיר געלויערט
די שטומע פרייד פון ליד, דער זיסער ליבע־סוד:
געוועזן פאַרליבט אין לענסקי'ס צאַרטן טרויער,
אָניעגינ'ען געהאַלטן פאַר אַ גאָט.

די ערשטע ליבע האָט דאָס האַרץ צעשמעטערט
ביים יונגן סקעפּטיקער און דאָן־זשואַן:
כ'האָב דאַמאָלט לערמענטאָוו'ס פּעטשאָרינ'ען
פאַרגעטערט
און טשאַצקי'ן נאָכגעמאַכט מיט יוגנט־וואַן.

צו זיבעצן געטרוימט פון בייראָנ'ס טשילד־האַראָלד'ן,
מיט האַמלעט'ן געגריבלט זיך אין סוד פון „זיין".
די צוקונפט האָט געשיינט ווי פאַרבנרייכע טראָלדן,
די געגנוואַרט — ווי טונקלער אָוונט־שיין.

די זיסע גאַליקייט פון נישט־דערגרייכטער ליבע
האָט פרי אין מיר געוועקט די האַרבע פרייד פון ליד:
ס'איז גוט געוועזן אַזוי אין פיין פון פרעמדע שטיבער
פאַרטונקען אין געזאַנג מיין טרויעריק געמיט.

כ'האָב איינגעזאַפּט אין זיך די אַלע האַרבע ריחות,
דעם דופט פון פרעמדער שפּראַך, דעם סם פון פרעמדן קוואַל:
געטרוימט אַמאָל פאַרמעסטן זיך אין כחות
מיט אַלעקסאַנדר סערגייאיטש פּושקין־האַניבאַל.

פינף און פופציק

געלערנט פרישות און רעוואָלט ביים „אינקוויזיטאָר",
אין דאָסטאָיעווסקי'ס שטורם-ליד פון אויפברויז און פון צער,
טורגעניעוו'ס „רודין" און נעקראַסאָוו'ס „ריטער"
געשטאַלטעט האָבן מיך — דעם פּרוש און בונטאַר.

געווען מיט סאָלאָוויאָוו'ן פּרוש'דיק-אַסקעטיש
געטונקען הארץ און זעל אין בלענדענדיקן שיין
פון קלוגער סאָפיע — זיין מיסטיש-פרומען פּעטיש
וואָס ער האָט אויסגעטרוימט פון רוסלאַנד'ס שטומער פּיין.

דעם סוד פון ליד געלערנט ביי וואַלערי בריוסאָוו,
דעם פּערז-געבוי — ביי טיוטשעוו און ביי פעט.
איך האָב געברענט מיט גלויבן, אַז דאָס נייע רוסלאַנד
געפינען וועט אין מיר איר נביא און פּאָעט.

דאָס זוניקע געזאַנג פון שפּילעוודיקן באַלמאָנט
געקלונגען האָט אין האַרצן ווי אַ פרילינג-גלאָק.
באַנומען סאָלאָגוב'ס איין גאַל געטוקטע פּסאַלמען,
דאָס וויין און שנייאיק ליד פון אויפגעברויזטן בלאָק.

און ליב איז מיר געווען זיין פּערז — אַף שוואַרצן סאַמעט
אַ גאָלדיקער און פייערדיקער פּאַס —
פון לידער-מעסן צו דער „שענסטער-דאַמע"
דער זינדיקער געלייטערטער עקסטאַז.

מיט איגאָר סעווערייאַנינס פּרעכטיקע פּאָעזן,
מיט שורות לויטערע פון ראָנדאָ און גאַזעל,
מיט פּערזן זינגעוודיקע און פּאָמפּעזע
איז פול געווען מיין פלאַמעדיקע זעל.
— — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'איז דאָן אַ צייט געווען אַזאַ, די צייט נאָך ניינצן-פינעף,
ווען אומעטום געהערשט האָט גרויזאַמער טעראָר.
ווער קען פאַרגעסן זיי, צעפּרעסענע פון שנאה,
פון שוואַרצן אומקום וואַנזיניקע יאָר!

אַנטוישט אין אַלץ, פאַראורטיילט און דערשיטערט,
ווי שטומע פויגל נאָך אַ שטורעם-ווינט,
האָט יוגנט געטער נעכטיקע צעשפּליטערט,
געזוכט פאַרגעסן זיך אין אויסגעקלערטער זינד.

געווען אַ צייט אַזאַ, ווען ס'האָט געבלענדט דער וואָוילטאָג,
פאַרזונקען אַלץ אין דין-פּערוועזער לוסט.
ס'האָט דאַמאָלט „ס אַ נ י ן" איבער האַרץ און זעל
געוועלטיקט,
און מוחות האָט געשטיקט דער טשאַד פון זנות.

ס'האָט יעדער איינער דאָן מיט חוצפּה און מיט רשעות
דעם ריינעם קוואַל אין זיך פאַרמיסטיקט און צעשטערט.
נאָר צווישן ווייניקע האָב איך דעם רוף צו פּרישות
און צו דערלייטערונג אין שטומער זעל דערהערט.

איך האָב גע'חברט זיך מיט פּרושים און הולטייעס,
די ליינג און ברייט פון לאַנד געמאָסטן האָבן שיך.
און פון'ם קלויסטער-שוועל און ביזן נאַפּקע-בית
האָב איך געזוכט — דעם איינציקן — דעם וועג צו זיך.

מיט סטאַרצעס רוסישע געקלאַפּט אין קלויסטער-טירן,
געקניט פאַר יעזוסן אַף יעדן וועג און פלוין,
געזוכט אַ גאָט ביים ליכט פון דומפּיקע טראַקטירן
אין יעדן שיכורן, פאַרדעכטיקן פאַרשוין.

געזוכט ביי זיי מיין שטילן ברודער ישו,
וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אַף אַ פרעמדן קרייץ.
איך האָב ביי זיך געטראַכט, אַז ס'וואָלט געווען אַ יושר
פון זיי אים אויסלייזן — דערנענטערן דעם קץ.

כ'האָב נישט געקאָנט אין זיך די לוסט דערשטיקן,
די טריפה לוסט פון זינדיקן פאַרבאָט:
ס'האָט זינקנדיקע זעל געזוכט אַ תיקון
און ס'האָט אַ גלויביק האַרץ געביינקט נאָך גאָט.

כ'בין יונג געווען און גלויביק — גאָט איז מיר אַן עדות!
געלויערט האָט דער שמד אַף מיין באַטריבטער זעל —
נישט אַנדערש, נאָר דער זכות פון מיינע פרומע זיידעס
איז ביי־געשטאַנען מיר ביים ראַנד פון לעצטן שוועל.

מיט יאָרן שפּעטער איז די טרייסט געקומען,
די האַרבע פרייד פון אויסגעוועפּטער פיין,
דערגאַנגען, אַז נישט אַלץ, וואָס שמעקט, — איז בלומען,
נישט אַלץ וואָס יערט — איז ברויזנדיקער וויין.

איך האָב געלערנט פיל מיט יאָרן שפּעטער.
מיין גלויבן איז געווען ווי פעלזיקער גראַניט.
איך האָב ניט איינמאָל זיך געבוקט צו פרעמדע געטער,
נאָר ס'האָט גע'עקשנ'ט זיך אין מיר דער איד.

אַזוי האָט זיך דאָס ראָד פון צייט געקייקלט
אַמאָל אין קרייז פון זון, אַמאָל ביים ראַנד פון תהום:
און ס'האָבן יאָרן איבער האַרץ און לייב געפּייקלט,
ווי ס'קלאַפּט אַן פעלזנשטיין די חוצפה'דיקע שוים.

## 3. אויפברויז

און דאָ האָט אויפגעברויזט, ווי ווײַן אין פולע פעסער,
דער גלעלער וואַנזין פון דעם פעלקער־קריג —
און ס'האָט געהויבן זיך דאָס אויסגעשליפטע מעסער,
און ס'האָט געשטראָמט דאָס בלוט אַריבער טראָן און וויג.

דרײַ שווערע יאָר פון עלנט און פון חורבן,
פון יונגע לעבנס אומזיניק פאַרצערט,
ווען טויט האָט הויפנס בײַנער אָנגעהורבעט,
מיט פעטן חנאַי באַמיסטיקט מוטער־ערד.

דרײַ שווערע יאָר פון שטורעם און נסיון,
ווען ס'האָט די וועלט געטאַנצט אַ בלוטיקן קאַנקאַן,
און ס'האָט אויך מיך פאַרכאַפּט דער קרעציקער שגעון,
צעקאָרטשעט האַרץ און זעל אין ווײַטיקדיקן וואַן.

און באַלד געקומען איז דער ווינטיקער  אָ ק ט אָ ב ע ר
מיט שטורעמס ברויזיקע און האַרבסטיקן געבריל —
און ס'האָט דער בלאַסער הונגער אויפגעפּראַלט די טאַרבע
און אָפּגעשטעלט די מילשטיינער אין מיל.

און ס'האָבן טיר־און־טויער זיך צעעפנט
אַנטקעגן שפּאַן פון לויערענדער נויט,
פאַרפלייצט דאָס לאַנד מיט ברויזנדיקן הפקר,
מיט אומרו און רעוואָלט און טויט.

סערגיי יעסענינ'ס לידער — הויפנס זון און האָניק —
האָב איך — אַ דורשטיקער — געשעפּט מיט פולער האַנט,
און מאַיאַקאָווסקי'ס רעוואָלוציאָנערע כראָניק
אַראָפּגעלייענט פון יעדן פלויט און וואַנט.

כ'האָב מיט יעסענינען צוזאַמען ספּירט געטרונקען
און פון דער בלייכער האַנט געזויגן קאָקאַאין.
אַ מאָסקווער שיינקען, זאָגט: וויפיל האָט איר פאַרזונקען
אין תהום פון אומקום רוסלאַנד'ס בעסטע זין!

אַ, רוסלאַנד, — וועלטן צוויי, ווי פייערדיקע פליגל,
האָסטו דערהויבן און אין שטרייט געשטעלט:
די נייע וועלט מיט האַמער און מיט רידל
אַנטקעגן שימל פון דער אַלטער וועלט!

עס זיינען אויפגעשטאַנען קלאַנען קעגן קלאַנען
און אויפגעהויבן האָט זיך דאָרף אַף שטאָט —
און ס'האָבן הייזעריק געהאַווקעט די נאַגאַנען
און אייפערדיק געקנאַלט דער פּוליעמיאָט.

איך האָב אין זיך דערפילט דעם אויפגעברויזטן אומרו,
דערזען דעם העלן צייכן פון דער נייער צייט —
און ס'האָט דער גאָט-זוכער פון וועגן טונקל-קרומע
זיך אָפּגעקערט צום וועג פון אויפגעבליצטער ווייט.

איך האָב דריי הייסע יאָר געקעמפט אין רויטע רייען:
געווען אַ שלאַכטפעלד איז איעדער פלויט און ראָג.
נאָר איבער מאַרק און גאַס, צעאַקערט אין טראַנשייען,
געלויכטן האָט דער אויפקום פון אַ נייעם טאָג.

און פריידיק איז געווען אין ווינטיקע פאַרנאַכטן
מיט יונגן העלדישע אַף ברענענדיקע פערד
צעיאָגן וועלפיש זיך אין פלאַמענדיקע שלאַכטן
אַף סטעפּעס ווינטערדיקע, אַף פאַרשנייטער ערד.

זעכציק

אַהינטער אונז האָט נאַכט געצונדן בריקן,
פֿאַראויס געפֿירט דעם מאָרגנס רויטער קנויל:
ס'האָט פֿולוועך אונזערן געשמעקט ד ע נ י ק י ן
און ס'האָט פֿאַרזוכט פּ ע ט ל י ו ר אַ אונזער קויל.

דער קאַמף איז הײס געװען, נאָר הייסער נאָך די שנאה.
ס'האָט האַרץ צו האַרץ געברענט, ווי פֿייערדיקער מאָן.
און ס'האָט געזיגט אין שלאַכט מיט „ווייסע" און מיט „גרינע"
דער ס ע ר פּ ־ א ו ן ־ ה אַ מ ע ר אויף דער רויטער פֿאָן.

כ'האָב איבער שטעטלאַך חרוב'ע געוואַנדערט,
וואו ס'איז אַמאָל געווען מיין קינדער־וויג,
מיט יונגן פֿלאַמיקע געטריבן באַנדעס,
מיט זיידעס שרעקיקע געפֿירט אַ קריג.

ס'האָט דאַן דער חורבן שוין געפֿלאַקערט אויף אוקראַינע,
דער וויסטער אומקום פֿון מיין אייגן לאַנד.
די שטומע זעל איז פֿול געווען מיט פּיינען,
פֿון שונא'ס בלוט איז מיד געווען די האַנט.

---

(...זאָל איך דערמאָנען דאָ מיין ווייטע כלה־שוועסטער,
דעם האַרבסט פֿון נײַנצן־אַכצן — אונזער לעצטן האַרבסט,
ווען כ'האָב געזוכט אין וואָן פֿון ברוזיקן אָרקעסטער
פֿאַרטויבן ס'אויפֿגעשטורעמטע און שטאָלצע האַרץ?

איך ווייס, דו וועסט מיר קיינמאָל נישט פֿאַרגעבן
מיין שווערע זינד — און ביזן לעצטן שוועל
וועל איך מיך אומטראָגן דאָס גאַנצע לעבן
מיט קין'ס צייכן אויף מיין מידער זעל.

איין און זעכציק

נאָר דו, וואָס האָסט באַזיגט דעם זינדיקן נסיון,
דערשטיקט די שווערע לוסט אין פּרוש'ס לייב, —
וואו זאָלסט נישט זיין אַצינד—געבענטשט זיי צווישן פרויען,
מיין ערשטע כלה און מיין אייביק ווייב!)

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב אַ ציל געזוכט, אַ טיפן זין אין תוהו,
ס'האָט העלער שיין פאַרבלענדט מיך און פאַרפּלייצט,
געוואָלט דורך שטרייט דערגיין צום אויפגעפּראַלטן טויער,
דורך פיין געלייטערטער דערנענטערן דעם קץ.

נאָר בלוט איז בלוט פון ברודער, צי פון שונא —
און בלוט איז קלעפּעדיק און לעבעדיק און רויט, —
איז מיר אַף טויט דערעסן לייבער ברוינע
צעלעכערן מיט קוילן, ווי מיט שרויט.

דעם נייעם מענטש דערהויבן און דערלייזן
האָב איך גע'חלומט, — איך — דער נייער איד,
נאָר נישט דורך קריג, צעהוליעטן און בייזן
און נישט דורך שונא'ס בלוט, וואָס פלעקט דאָס האַרץ און
ברייט.

אַף העלע באַרגשפּיצן, אַף שווינדלדיקע הייכן
האָט מיך פאַרבלענדט דאָס ליכט פון אויפגעבליצטער וואָר,
נאָר ס'האָט געבייגקט דאָס האַרץ נאָך יענעם שטילן צייכן,
וואָס האָט זיך אָנגעצונדן אַף מיין אַכטן יאָר.

ס'האָט אויפגעוואַכט אין מיר דער גאָט-זוכער און פרוש
באַהערשט די לוסט צו וואַנדערן פון לאַנד צו לאַנד.
און ס'האָט מיך אויסגעריסן, ווי אַ קרומען וואָרצל,
פון ערד פון אייגענער אַ הפקרדיקע האַנט.

איך האָב מיך אויפגעלייזט פון קאַמף פון שווערן
מיט אָפּגעברויזטער פרייד און אויסגעוועפּטער שרעק,
און ס'האָט געצייכנט שוין צו ווייסע, ווייטע שטערן
דער הויקערדיקער ווייזער פון מיין נייעם וועג.

און ס'האָט דער נייער וועג געצייכנט נייע ברעגן
אַפּ'סניי געלאַקט די בלענדנדיקע ווייט.
אַ, קרומע קרייצונגען פון אומבאַקאַנטע וועגן,
אַף אייער גרויען פערד מיין שטומער אומעט רייט!

---

און דאָרט, וואו גרויסער בראַך האָט איינגעמידטע אַקסלען
מיט פיין און שרעק צעהויקערט און באַשווערט, —
האָט זרע־גאָב פון פרילינגדיקע שלאַקסן
אַפּ'סניי באַפרוכפּערט רויע כלה־־ערד.

און אויפגעגאַנגען איז דאָס נייע יערן,
ווי טייג ווי הייוויקער אין מילכיקן קאַיאָר, —
און ערד האָט טראַכט צעעפנט צו געבערן
דער וועלט אַ נייעם אויסגעלייזטן בכור.

4. וואַנדער־יאָרן

ס'האָט אויפגעהויבן מיך די לוסט פון ווייטן וואַנדער
און צווישן ים און הימל אָפּגעווישט מיין שפּור,
און שיפן ענגלישע אין לאַנד פון אַלעאַנדער
געטראָגן האָבן מיך צום בלויען סינגאַפּור.

פון דאָרט קיין גריכנלאַנד געצויגן האָבן מאַסטן,
צום אינזל קאָרפו און צום אינזל קריט —
און ס'האָט געבלענדט דאָס לאַנד פון פאַרביקע קאָנטראַסטן,
דאָס הימלאַנד פון סאָקראַט און איריפּיד.

פון לאַנד צו לאַנד מיט עלנבויגנס דאַרע
האָט מיך געשליידערט שטום מיין וויסטער נע־ונד.
געבראָטן אין די זאַמדן פון סאַהאַראַ
און אָפּגעפרישט מיט ווינטן פון באַגדאַד.

מיין קרומער קרייצ־וועג איז געווען פאַרשידן —
פון לינקס אויף רעכטס און ווידער רעכטס אויף לינקס:
געצויגן הויך מיין הוט פאַר פרעה׳ס פּיראַמידן,
מיין נאָמען אויסגעקריצט אויף שטיין פון ספינקס.

איך האָב באַזוכט יהודה און די „שטאָט פון שלום“,
געטראָטן האָט מיין פוס אויף מאַקאַבייער־ערד.
און ס׳האָט דיווירקלאַכקייט דעם ערשטן יוגנט־חלום
פון האַרץ פון גלויביקן פאַרשניטן און פאַרצערט.

צעאַקערט ווייגערטנער, געפלאַנצט פּרדסים,
די ערד די זאַמדיקע געגראָבן אין דער טיף.
געקושט די שטיינער מאַכיקע פון אַלטן כותל,
די בתולות יונגע, קאַכיקע פון תל־אביב.

כ׳האָב איינגעזאַפּט אין זיך דעם ריח פון נאַרגילעס
און שטילן שלאַנגלאַנד פון ראָזן טאַפּילעט, *)
און ס׳האָבן ווייך געמאַכט מיין האַרץ די זיסע תפילות
פון ווייסן מועדזין אויף ווייסן מינאַרעט.

ווען ס׳האָבן נאַכטיקע פאַרצווייפלטע סירענעס
געוועקט דעם ים אין פּחד פאַר אַ פּעלזנריף,
האָב איך געשטילט מיין לוסט מיט אַ קאָלירטער וועגוס
אין טונקעלן אונטערדעק פון הוידנדיקער שיף.

---

*) טאַפּילעט — אַ טייל פון מאַראָקאָ, אַפריקא.

נאָך הייסע שטורעמנעכט און שווערע לוסט צו שקלאַפינס,
נאָך טעג פון לויטער ים און לויטער הימלראַנד
האָב איך דערגרייכט אייראָפּע'ס טומלדיקע האַפנס,
די אַלטע ברעגן פון דעם אָוונטלאַנד.

דערזען דעם לעצטן שטראַל פון אויסגעצערטע זונען
אַף אירע פלויטן און ברוקירטן שטיין,
דערהערט דעם ריזנלויף פון סקיטן און פון הונען,
וואָס שמעטערן איר אַלטן רוקנביין.

איך האָב באַטראָטן רוים, וועגנדיג און נעאַפּאָל,
געקלעטערט איבער בערג פון הויקערדיקער שווייץ,
און איבער ליינג-און-ברייט — אַ שטאַפּל נאָך אַ שטאַפּל,
געטראָגן שטום מיין אויסדערווילטן קרייץ.

ווען ס'האָט געבראָטן מיך די זון פון הייסן דרום,
געבריט דער צפון-ווינט און שוימיקער גראַניט, —
האָב איך געוואָרפן זיך מיט אויפגעבליצטע אָרעמס
אין בלויען אָפּגרונט פון מיין זוניק ליד.

געווען אין יעדן לאַנד זיך צוגעקוקט צו אַלעם:
געזען דעם גרויסן חורבן פון דעם פעלקער-קריג,
געפילט די שטומע פיין פון מוטערס און פון כלות,
וואָס האָבן שווער באַצאָלט פאַר זייער היימלאַנדס זיג.

ווער קען פאַרהיילן זיי די בראַנדיק טיפע ריסן,
דעם אומקום פון געליבטע און פון זין?
אומזיסט פאַרטעמפּט איר, זיגער, דעם געוויסן
אין קאַבאַרעס פון לאָנדאָן און בערלין!

ניין, ס'וועט נישט אויסקויפן די מיליאָנען קערפּערס,
וואָס פוילן אין דער ערד און רופן צו רעוואָלט:
נישט גאָר דער דימענטשטויב פון גלאַנציקן אַנטווערפּן,
נישט פראַנקרייכס רייכטימער, נישט ענגלאַנד'ס אופיר־גאָלד!

ווער האָט אייראָפּע'ס צאַפּלענדיקן חולה־נופל
געצוימט און צוגעפירט מיט וואַקלדיקן גאַנג,
מיט טריט מיט האַסטיקע, פאַרשיכורט און פאַרצווייפלט,
צום לעצטן ראַנד פון זומפּיקן געזאַנק?

וועט זי זיך אָפּשטעלן מיט קאָפּ און זעל געבויגן
ביים שוועל פון אומקום, ביי דעם לעצטן ראַנד
און אָנשפּיצן די אויסגעקוקטע אויגן
צום העלן ניי־געבורט פון ראַטן־לאַנד?

וועט זי זיך אומקוקן, וועט זי דערהערן
דעם רויטן אויסגעשריי פון ניי־געבוירן קינד, —
צי זי וועט איינזינקן אין נאַכטיקע כימערן,
פאַרכלינען זיך אין דין־פּערווערזע זינד?

אין ספּאַזמען־ווייטיקן געקאָרטשעטע אייראָפּע, —
פאַרכלינעטע אין הפקרדיקן וואַן, —
מיין ווייטער וועג מיט שפּרונג פון אַנטילאָפּע
אַריבער שוימנדיקן מויל פון אָקעאַן.

איך האָב געלאָזט אייראָפּע'ס הענט אליין זיך נעגלען
אַף טויזנטער גאַלגאָטעס נאָכאַנאַנד
און פריידיק אָנגעשפּיצט די וואָגלדיקע זעגלען
צום וויטן האָריזאָנט פון אומבאַקאַנטן לאַנד.

זעקס און זעכציק

## 5. אמעריקע

געאַנקערט האָט מײַן זעל אין שווערן שטומען וואַנדל,
געלײַטערט און געגרײַט פֿאַר נײַע פֿרײד און זאָרג,
אין קעסלגרוב פֿון טומלדיקן האַנדל,
אין בבל׳דיקן אײדנלאַנד ניו יאָרק.

און ס׳האָבן מיך פֿאַרפּלײַצט די ליניעס און וואונקען
פֿון דעם כאַאָטישן ניו יאָרקישן ווילקיר,
וואָס זײַנען פֿורעמדיק און שטאָליק אויסגעזונגען
פֿון אַלף לעיעלעם — און שפּעטער אויך פֿון מיר.

געפֿאַלן זײַנען טעג פֿאַרנעפּלטע און שווערע
אַף מײַן צעטומלטן און יונגן קאָפּ.
און ס׳האָבן אויסגעטאַנצט ניו יאָרקישע כימערן
אַף מײַן צעבראַסטעט האַרץ אַ טײַוולישן גאַלאָפּ.

און אָפּט: אין פֿעלזנשפּאַלט פֿון שוימיקן מאַנהעטן,
אַף גאַסן־נאַרעס — צווישן בריק און בריק —
האָט מיר געחלומט זיך, אַז ס׳צינדן שוין ראַקעטן
די לײַנג־און־ברײט פֿון נײַעם מאַטעריק.

אַף אַלע עוועניוס, אַף אַלע פּאַליסאַדן,
אין קלעם פֿון ראַשיקער און טורעמדיקער שטאָט:
אַף יעדן סקווער — געבויטע באַריקאַדן,
אַף יעדן דאַך — אַ שווערער פּולעמיאָט.

און אַז די שעה וועט שלאָגן — און ס׳וועט זײַן דער ווילן
פֿון ד ע ם, וואָס סאָבוויים גראָבט און הימלקראַצערס בויט, —
אַי, וועט זיך דאָ אַ חתונה צעשפּילן,
אַי, וועט אַ פֿלײַץ טאָן דאָ אַביסל רויטס!...

זיבן און זעכציק

איך האָב מיך צוגעוואוינט אַז ס'זאָל מיר גאָרנישט פעלן,
געזוכט צו פּטר'ן די הונגעריקע טעג.
און ס'האָבן מיר געשטילט דעם הונגער און דעם עלנט
די רייכע פּאַליצעס פון שטאָט-ביבליאָטעק.

געטאָגט אין דער קאַפע, גענעכטיקט אָפט אין סאָבוויי,
פון ברויט און נאַכטלעגער געחלומט אויפן וואָר.
און פיינלאַך איז געווען דער שטומער ווײ און אָפּוויי
פון נישט-פאַרגעסענע, פאַרפאָלגנדיקע יאָר.

און שווער איז מיר געווען אין נאַכטיקע קאַפייען,
אַ נישט-דערשלאָפענער — מיט אברים שווער ווי בלײ, —
אַרום די קאָרטן-טישן גלאָט אַזוי זיך דרייען
אין רויך, אין שטיקעניש און טעמפּער זידלערײ.

מיט עקלדיקע רייד, מיט שמייכלען גאַליק-זיסע,
מיט אויגן גיריקע — וואולגאַר און פּוסט —
ניט איינמאָל האָבן זונות און אַקטריסעס
געוועקט אין מיר די איינגעצוימטע לוסט.

דערנאָך געקומען איז דער יאָך פון שווערער פּראַצע,
די שטומע זאָרגן פאַרן שטיקל ברויט, —
געוויטיקט אין דער שטיל, געקרומט זיך מיט פּאַיאַצן,
און ס'האָט געלייטערט מיך די אַרבעט און די נויט.

אין טעג פון שטומער פּיין און אויפגעבראַזטן לעסטער,
ווען ס'האָט געטאַנצט דאָס האַרץ דעם לעצטן שוין אַקאָרד,
האָט אויפגעבליצט פאַר מיר פון אָרטשאַרד און פון העסטער,*
פּאָעטן אידישע, דער שיין פון אייער וואָרט.

---

*) אָרטשאַרד סטריט און העסטער סטריט — די צוויי טיפּיש-אידישע גאַסן פון ניו יאָרקער איסט-סאַיד.

און ס'האָט דאָס נייע ליכט צעבראָכן אַלע צוימען —
און מיטאַמאָל איז מיר געוואָרן קלאָר:
דער זוניקער באַטייט פון מיינע ערשטע טרוימען,
דער העלער צייכן פון מיין אַ כ ט ן יאָר.

און ס'האָבן אויפגעוואַכט די יחוס'דיקע דורות,
וואָס וואַרטן שטום דורך מיר דערלייזן זיך פון טויט,
געשטרעקט אין דאַרע הענט פאַרלאָשענע מנורות —
און ס'האָט געמאָנט דער שטאָם: — „צינד העלער אונזער קנויט!" —

נאָר פרעמד זיינען געווען די מדות און מנהגים
פון אייער לעבן דאָ — פון בראָנקס ביז איסט בראָדוויי,
האָב איך מיך צוגעהערט צו אייער פרייד־און־קלאָגן
ביים גלעזל טיי אין רוישיקן קאַפיי.

מיט דיכטער פלאַמיקע ביים קלאַנג פון לעפל־גאָפל
געאַמפּערט זיך מיט וויטיק און מיט גאַל:
ביי טישן קויטיקע פון היימישער „איראָפּא",
אין האַוועדיקער פוסטקייט פון „ראָיאַל".

איך האָב געלערנט זיך ביים קלענסטן און ביים גרעסטן:
געווען איז וואַך מיין האַרץ, מיין אויג און אויער וואַך.
כ'האָב איינגעזאַפּט אין זיך די פאַרבן און די זשעסטן,
דעם טעם און ריח פון דער נייער שפּראַך.

געחלומט מיט דער צייט צו ווערן דאָ אַ תושב
און צווישן אייך פאַרוואָרצלען מיין געצעלט:
געלערנט מייסטערשטאַפט ביים פעלזיקן יהואש,
געשאַרפט מיין ליד אַן שאַרפן ראָזנפעלד.

איך האָב געזוכט מײַן שטומע פּײַן דערלײזן,
זיך ליטערן אין ברען פֿון ליעסינ'ס מדבר-סנה,
צום פֿליגלדיקן וואָרט פֿון אײביק יונגן רײזען
זיך צוגעהערט ביים טישל אין קאַפֿע.

כ'האָב אָנגענומען שטיל מיט ליבע און מיט גלויבן
דורך שנאה פֿײַנלאַכער, וואָס שלײַנגלט זיך און גליט,
דעם צאַרטן צער פֿון ריטערלאַכן מאַני-לייב'ן,
דעם ווילדן ווײַנריב פֿון זיין גאָלדיק ליד.

דערפֿילט די אײנזאַמקייט פֿון האַלניק'ס קלוגן קומער,
די לויטערקייט פֿון זישע לאַנדוי'ס פֿערז,
די שווערע זוניקייט פֿון אײזלאַנד'ס יונגן זומער,
און ציליע דראַפּקינ'ס ליד — געצערטלט אין פֿערווערז.

איך האָב געצוימט דאָס האַרץ און דעם געדאַנק געהאַמערט,
אלײן געוועזן דער רײַטער און אלײן דער שמיד.
און ס'האָבן גאַלאָפּירט אין וואָן פֿון מײַנע גראַמען
די אימפּעדיקע פֿערד פֿון מײַן צעכראַסטעט ליד.

געוווירט אין מיר דער פֿערז האָט ברויזנדיק און הייוויק,
געריסן זיך צום ניי-אַנטדעקטן קוואַל.
דערקאָנט מײַן פֿאָרגײַנגער אין פּרוש'דיקן לײוויק
אין ליד פֿון „גולם“, אין געזאַנג פֿון „שטאָל“.

דערפֿילט אין האַלפּערן דעם אומרו פֿון אַ צערנער,
וואָס האָט מיט לײב-געברום זיך דונערדיק צעשאַלט,
און ס'האָט מײַן האַרץ געבלוטיקט אַף די פֿליטער-דערנער
פֿון משה נאַדיר'ס ווילדן „ווערטער-וואַלד“.

אין „וועלדער פוילישע” דעם גלאַנץ פון ווייטע דורות
האָט אַפּאַטאָשו אויפגעלעבט פון שטויב און גרוי.
און ס'האָט אויף מיר געווייט מיט דופט פון ברייטע פּריירעס
פון יעדן וואָרט ביים פּשוט'ן ראַבאָי.

די שאַרפע האַרבקייט פון מנחמ'ס „זאַוועל רימער”,
דאָס עפּישע געזאַנג פון י. י. שוואַרץ
פאַרזונקן האָבן מיך אין העלן שימער
און אָפּגעפרישט דעם טרויער פון מיין האַרץ.

כ'האָב אויג אַף אויג נישט איינמאָל זיך געטראָפן
מיט גלאַטשטיינ'ס פּראָסטיקן און ראַפינירטן סם.
און ס'האָבן העל געבלאַנקט די שאַרפע סערפן־סטראָפן
פון לעיעלעס'עס אויסגעשניצטן גראַם.

איך האָב מיט סעקלער'ן דורך וועגן פון מרידה
געזוכט דעם ליכטיקן, „דעם וועג צו גאָט”,
און ס'האָט מיר שטיל אַנטפּלעקט דער פרומער לוי פרידמאַן
פון „וועג צו זיך” דעם לאַנג־געזוכטן סוד .

איך האָב פאַרנומען: לאַפּינ'ס שווערן טרויער,
די פּשוטקייט פון אויערבאַך'ס געזאַנג,
און אַלקוויט'ס אויסדויער און ניסנזאָנ'ס באַדויער
און לודוויג'ס ליכטיק ליד פון אונטערגאַנג.

שין קורצ'ס פלאַקאַט, און ביאַלאָסטאָצקי'ס אומעט,
דאָס ליד פון נחום יוד און דאָס געזאַנג פון שווייד,
און לוצקי'ס „טויטע וועלט”, און מינקאָוו'ס טערפּקע אומרו,
און ווײַנפּער'ס רויע, קוועלנדיקע פרייד.

איך האָב אייך אַלעמען געמאָסטן און געוואויגן,
מיט שאַרפן אויג געשפּיזלט אייער טיף —
און ס'האָט מיין נעץ געפאַנגען פערלדיקע רויגן
אין ווייכן ווערטערמאַך פון אייער פעלזנריף.

איך אַלע האָט פאַר מיר, — ((דערמאָנטע, נישט־דערמאָנטע!)
פּאָעטן-אויפבויער און מייסטער פון דער שפּראַך, —
מיט ווערטער שפּיזיקע צעלעכערט האָריזאָנטן,
מיט לידער שטאָליקע צעאַקערט אונזער פלאַך.

און פון פאַרזייטן פעלד, ווי גאָלדיק־רייפע זאַנגען,
האָט אויפגעשפּראָצט אין מיר — דעם נייעם איד —
די העלע זוניקייט פון אייערע געזאַנגען,
די לויטערקייט פון אייער פשוט ליד.

ס'האָט שטומע זעל געפלאַקערט אַפן שייטער,
ווי צווייגן טרוקענע פון אויסגעהאַקטן בוים,
און ס'האָט מיין זינדיק האַרץ געריייניקט און געלייטערט
די טערפקע ליבע צו דער נייער היים.

איך האָב דערזען אַ לאַנד פון שווערער, שטומער פּראַצע
פון מי געהייליקטער אין נעפלדיקער וואָר,
וואו ציינער שאַרפן די נויט אַף פּרעכטיקע פּאַלאַצן,
אין ווילדע אָרגיעס פון אָוונט ביז קאַיאָר.

איך האָב דערזען אַ לאַנד — אַ בופל־אָקס אַ ווילדער,
שפּאַנט צווישן ימ'ען צוויי מיט פעסטע ריזן־טריט
און שלעפּט אַף ברייטן קאַרק מיט אומרו און געפילדער
דעם דייטש און האָלענדער, דעם נעגער און דעם איד.
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַמעריקע! בהמה־לאַנד, ווי פעטע קרייטער,
האָסט פעלקער איינגעשלונגען אין דיין אינגעווייד.
און ס'האָבן אָנגעשוואָלן דיינע שווערע אייטער
פון פעטער פאַשע און פון פרעמדער נויט.

האָסט אַלץ פאַרדייט, איצט שטייסטו, מעלה־גרה'סטו,
און ס'גרעבצט ארויס פון דיר די רחבות'דיקע זעט:
פון דיינע פעטע, אייטערדיקע פרייערס,
פון דיינע רייכע, טומלדיקע שטעט.

נאָר ס'ווייעט פון דיר מיט קעלט פון קאַטאַקאָמבעס,
מיט טויטער פוסטקייט, ווי מיט שווערן בליי, —
אין ווייטן ראַטן־לאַנד אַ נייער האָט קאָלאָמבוס
פאַר אונז אַנטדעקט אַמעריקע אַפ'סניי.

און ס'האָט אויך דיך דערגרייכט די רויטע בשורה,
פאַרפלייצט מיט העל־געשריי דער שטורעם־גלאָק,
און טרייסלט דעם יסוד פון וואָלוואָירט־טורעם —
פון טיפסטן ווינקלשטיין און ביזן העכסטן שטאָק.

הער: ווי עס וויגן זיך אין שאַכטעס און פאַבריקן,
ווי שטורעם־גלעקער — האָרעפּאַשנע הענט,
אַריבער דיינע מויערן און בריקן,
אַריבער דיינע טענעמענטס און ווענט.

און זע: אַ נייער טאָג פון כוואַליעדיקן יום־טוב
מיט העלער פרייד אַף דיינע פרייערס יערט,
מיט לידער זוניקע, וואָס מעלקן האָריזאָנטן,
מיט לידער שטאָליקע, וואָס אַקערן די ערד!

- - - - - - - - - - - - - - - - - -

נאָך אייך, פּאָעטן אידישע, פאַר׳סמ׳ט דער ביטול,
וואָס האָט אין אייער האַרץ צעשפּראָצט זיך און צעבליט:
פאַראַנען דיכטער דאָ, פאַראַנען גוטע לידער,
נאָר ס׳איז נישטאָ דאָס ברענענדיקע ליד.

איר יאושט: — „אומעטום פאַרפאַלגט דערזועלבער שקר,
דער אייביקער געשפּענסט פון אונזער בראָך,
די פּוסטע האָוועניש פון פעדלערישן הויקער,
די שווערע לאַסט פון קרעמערישן יאָך!“

איר זאָגט:—„אומזיסט דער רוף, אומזיסט דאָס פויזן ווייטער,
אַז סיי-ווי־סיי איז אונז באַשערט צו זיין:
נישט מער, ווי ס׳קאַלטע אַש פון אויסגעברענטן שייטער,
נישט מער, ווי שאָטנס פון אַ פרעמדן שיין!“

איר וויינט: — „אַף העלן קרייץ פון נאַכטיקע בראָדווייען,
אַף ליינג-אָון-ברייט פון לאַנד — פון ים צו ים —
אַף אַלע שייטערהויפנס, און אויטאָ-דאַ־פעיען
געקרייציקט הייננט דאָס רעשט פון אונזער שטאַם!“

ס׳איז אייער לעבן דאָ דורך וואָכן און דורך יום-טוב
מיט אומעט אָנגעזאַפּט און אָנגעזעט מיט וויי.
דער הימל נידעריק און נאָנט די האָריזאָנטן,
דער שטח קליין — פון בראָנקס ביז איסט-בראָדוויי.

אַף אייך די שולד! אין בלענד פון אַלטע צייטן,
וואָס לאָקט און נעפּלט אייער האַרץ און בליק,
האָט איר פאַרזען דאָס לאַנד פון נייע שטרייטן,
פון נייעם אויפבּרויז און פון נייעם זיג.

ס'איז רייף די שעה, וואָס יערט דורך פיין און ווייען
און זעטיקט אָן מיט ברויז די נייע ערד:
פּאָעטן אידישע, — ארוים פון די קאַפּייען
אַף גאַסן רווישיקע, אַף עוועניוס און סקווער!

דאָס לאַנד איז גרויס און ברייט—פאַראַן זיך וואו אַ קער טאָן,
פאַראַנען וואו צעלאָזן זיך די הענט.
וואָס זאַמט איר נאָך? — אַרוים אַנטקעגן דעם באַשערטן,
דעם נייעם טאָג, פון אייגענע פיר ווענט!

גענוג צו שערן וואָל פון אויסגעקלערטע לעמער
מיט טעמפּן ווערטער-שווערד פון אומקום און פון טויט.
זעט: ס'שפּראָצט שוין אַף קאַיאַר — פילט אָן מיט די ליים
די עמער,
מיט לידער-ציגל, לידער-שטאָל — און בויט!

פאַר אונז די פּיין און פרייד, וואָס לייטערט העל און גאָלדיק,
זאָגט: קען אַ שענערער אונז גורל זיין באַשערט,
ווי זיין די אָנזאָגערס, די ליכטיקע העראָלדן
פון העלן אויפברויז אַף דער נייער ערד!

צוריקקער

כ'האָב זיבן יאָר מיין האַרץ געלערנט ליבן
דאָס נייע לאַנד, וואָס איז מיר איצט באַשערט, —
נאָר פרעמד און קאַלט און טויט איז האַרץ געבליבן
צום היגן הימל און צו היגער ערד.

כ'האָב נישט געקוקט אין פרעמדן לאַנד דערשטיקן
די הייסע בייַנקשאַפט נאָך מיין וויַיטער היים —
ס'האָט האַרץ געבייַנקט נאָך וואָרצלען און יניקה,
ווי ס'בייַנקט אַן אָפּגעהאַקטע צווייג נאָך בוים.

פינף און זיבעציק

און אומעטום: דורך שטורעם און דורך רעגן
ביים נאַטערדאַם, ביי פּרעה'ס פּיראַמיד,
פון לאַנד צו לאַנד, אַף אַלע פרעמדע וועגן
האָט איין באַגער, ווי הייסער מאָן, געבליט,

נאָר איין באַגער: אַז וואו דעם טויט, דעם שווערן
באַגעגענען זאָל מיר נישט זיין באַשערט,
זאָל קיינמאָל נישט מיין ליד פאַרקלונגען ווערן
אַף גאַסן שטיינערנע פון פרעמדער ערד.

אָ, היימלאַנד מיינס, פאַר אַלע דיינע בראָכן
פאַר פּיין און שרעק, וואָס האָבן דיך פאַרלענדט,
נעם צו פון זון זיין דיכטערישע ברכה,
זיין וואַרים האַרץ אין בענטשנדיקע הענט.

דורך ים און ווינט אַף זעגלדיקע טרוימען,
דורך נעפּל-וועגט, דורך טריבע נעכט-און-טעג,
אָ, בלוייע סטעפּעס פון מיין ווייטן היימלאַנד,
מיין האַרץ, מיין אויסגעוואָרצלטס, זוכט צו אייך אַ וועג!

אַהין, וואו גרויסער בראַך האָט איינגעמידטע אָקסלען
מיט פּיין און שרעק צעהויקערט און באַשווערט,
און זרע-גאָב פון פרילינגדיקע שלאַקסן
אָפּ'סניי באַפרוכפּערט רויע כלה-ערד.

וואו אויפגעגאַנגען איז דאָס נייע יערן,
ווי טייג, ווי הייוויקער, אין מילכיקן קאַיאָר, —
און ערד האָט טראַכט צעעפּנט צו געבערן
דער וועלט אַ נייעם אויסגעלייזטן בכור.
ניו-יאָרק, 1925—1927



# 1917

## פּאָעמע־סימפאָניע

# פּרעלוד*)

## 1. שוואַרץ־חגא

טילי־טילי — קלינגען גלעקער,
שפּרייטן שנאה, גרויל און שקר
רונד־און־רונד־אַרום.

מענטשן קניען, זינגען כאָרן,
וועמען טראָגט מען אין אַן אָרון
צו דער לעצטער רו?

פּרעפּלען תּפלות בלינדע סטאַרצעס,
שילטן ווילד מכשפות שוואַרצע,
שיטן רייד, ווי שרויט:

— „פון אַ האַנט אַ פּרעמדער, בייזער
אונזער הייליקער דערלייזער
איז געפאַלן טויט!" —

וואַקסט און שטאַרקט זיך די יללה,
וועמען מאַכט מען דאָ אַ מלא
מיט אַנטבלויזטע קעפּ?

וועמעס אַש האָט מען צעשאָטן,
וועמעס קבר ווילד צעטראָטן
אין דעם רייכן סקלעפּ?

קלאָגן שוואַרצע מכשפות,
פּרעפּלען פּאָפּעס: — „ווייז אַ מופת,
גאָט באַווייז אַ נס —

*) דאָס איז בלויז דער אַריינפיר צו אַ גרעסערער פּאָעמע, וואָס וועט אָפּשפּיגלען די גרויסע וועלט־געשעעניש פון דעם יאָר 1917. ל. פּ.

ס'זאָל פאַרטרייבן דעם ניט-גוטן
אונזער פאָטערל ראַספּוטין,
אונזער גרויסער מת!" —

שפּאַנען הויקערס, שפּאַנען טרעגער
שלעפּן שווער אַן אַלטן פּגר,
וואָיען ווי די הינט.

קלאָגן סטאַרצעס, כליפּען פרומע:
— „ס'איז דער לעצטער טאָג געקומען,
ס'גייט דער יום-הדין!" —

שוועבט דער מת אויף אַלע ראָגן,
טאַנצט און פּראַוועט שוואַרצע חגא
איבער גאָר דער שטאָט.

טאַנצט די שטאָט אַ דאַנס מאַקאַבער,
מ'איז די אַלטע וועלט מקבר.
— היט און שיץ אונז, גאָט!

— „היט דעם פאָטערל, דעם קיסר,
מיט זיין חיל, מיט זיין גרויסן,
הייליקער סינקליט!

— „היט די פרומע, שיץ די קירכעס
פון דעם פינצטערן אַנטיכריסט,
גאָט, דעם קיסר היט!" —

אַכציק

## 2. אפן בראָכשטול

אַנטקעגן דער דומע, באַם טאַווריִשן שלאָס
האָט עס פּשוט זיך אָנגעהויבן.
ס'האָט שניידיק געברענט דער פעוורא́לער פראָסט
און געפלאַקערט די שקיעה אַף שויבן.

זייַנען ווייבער און קינדער פון הונגער און נויט
געקומען אין גרויע לאַטעס:
— „גיט אונז שלום און פרייהייט און קליידער און ברויט
און אונזערע מאַנען און טאַטעס!" —

און העל האָט געפלאַקערט דער הייליקער גרויל
אַף די געלע און מאַטע געזיכטער,
ווען פרעמד האָט צעהילכט זיך די ערשטע קויל
איבער קעפּ אַזוי פראָסטיק און ניכטער.

האָבן פרויען צעעפנט די מאָגערע בריסט,
געוויזן די נאַקעטע גלידער:
— „נאַט, נעמט אונזער לעבן!
וואָס זאָמט איר? — שיסט!
סאָלדאַטן... חברים... ברידער...!" —

און שנעל איז געוואַקסן און העל זיך צעוויגט
די אומרו אַף גרויע בולוואַרן:
— „טויט צו די פירער פון שענדלאַכן קריג!
טויט צו די בלוטיקע צאַרן!" —

און ס'האָבן זיך אויטאָס געפּאַנצערט אין שטאָל,
געראַטשקעוועט, ווי טשערעפּאַכעס,
געקראָכן דער קלעפּיקער פּחד.
און ס'האָט איבער הערצער און שטאָט זיך געראָלט,

האָט אויפשטאַנד זיך ברויזיק צעקאָכט און צעברענט,
געשמידט זיך אין הייסע אַטריאַדן.
און ראַשיק געבויט האָבן פלאַמיקע הענט
אַף סקווער און אַף ראָג –– באַריקאַדן.

ס'האָט קיינער נאָך דאַן נישט אַף זיכער געוואוסט,
וואָס וועט דאָ דער מאָרגן געבוירן,
געשפּירט האָבן הערצער, אַז מ'האָט נישט אומזיסט
אַזוי פיל קרבנות פאַרלוירן.

פון דעכער אַף קעפּ האָט געזייט פולעמיאָט
דעם בליי פון די קוילישע שנורן —
ביז ס'האָט זיך דערהערט איבער פּראָסטיקער שטאָט
די העלע, די ליכטיקע בשורה:

— „געפאַלן דער שונא, געפאַלן דער טראָן,
געבראָכן די אייזיקע קריהעס!" —
און ס'האָט זיך צעפלאַקערט די בלוטיקע פאָן,
ווי שויבן — פון פּראָסטיקע שקיעה'ס.

ווען דריטער קאַיאָר האָט אַף גאַסן צעשפּרייט
די זון ווי אַ גאָלדענעם פעכער,
זיינען קערפּערס פון זעלנער געהאַנגען טויט,
ווי אייזיקע פראַנזן — פון דעכער.

און מאַרט האָט צעשמעלצט זיך, צעיערט און צעקוועלט
מיט גליאיקער זון און מיט פרילינג —
און ס'האָט אָפּן בראָכשטול די שוואַנגערע וועלט
געבוירן אַ קנופּיקן צווילינג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ס'האָבן זיך טרונעס געוויגט אין דער ווייט
איבער קעפּ, איבער כוואַליקע, מידע...
— „איר זייט ווי קרבנות, געפאַלן אין שטרייט
אוים ליבע צו אייערע ברידער!" —

## 3. אין בהלה

דער שקיעה'ס בלוט אין רינשטאָקן פון אָוונט,
ווי פון אַ הרוג'ס גאָרגל פלייצט און קוועלט.
ס'ווערט יעדער מענטש אונז פרעמד, ס'ווערט יעדער מענטש אונז נאָענט,
ווען ס'גוסס'ט פלאַמעדיק אַ קראַנקע וועלט.

די קראַנקע וועלט, ווי אַ צעפּרייכטער בלאָטער,
האָט אויפגעפּלאַצט אין אייטערדיקער רויט —
און ס'האָט אַ פייערדיקער אייזן אויסגעבראָטן
דאָס רויע ווילדפלייש און דעם פוילן קויט.

און ווי פון אונטערדעק, בשעת אַ קאַטאַסטראָפע,
ווען ס'שטויסט זיך אָן די שיף אָן באַרג פון אייז, —
פון אַלע ווינקלען לעכער זיינען זיך צעלאָפן
די גרויע שטשורעס און די פעטע מייז.

און ס'האָבן אויסגעשטרעקט פאַרוואָקסן-גרינע זומפּן
צעיאַטרעטע און אייטערדיקע הענט.
און ס'האָט אַ גלאָק, — שלאַקרירריק און פאַרדומפּן, —
צעוויגט זיך אין דער נאַכט:
— „געוואַלד —
— סע ברענט!" —

דרויי און אכציק

## 4. שאַטנס

מיסטיקער:

אַף וועמעס באַראַט און מיט וועמעס גנאַד
צינדט זיך און שפּינט זיך די זונענראַד?
און ווער איז דער מושל און ווער איז דער קנעכט,
אַז אַלץ ווערט פאַרצערט אין געהיימען געפּעכט?

גלח:

אין הימל איז גאָט, אַף דער ערד איז גאָט —
און מיר זיינען ווערים אונטער זיין טראָט!
טוט, זינדיקע, תשובה און קניט אין געבעט —
וועט גאָט אייך פאַרגעבן, ווייל ס'איז נאָך ניט שפּעט!

פּריץ:

די ערד, די געבענטשטע מיט שאָף און מיט רינד
געהערן מוז מיר און מיין הויזגעזינד.
און דעם פּויער, דעם כאַם, איז פון אייביק באַשערט
צו גראָבן אין שוויים מיטן אַקער די ערד.

פּויער:

גענוג אונזער בלוט צו צאַפּן
און שטאַפּן די בייכער ביי אייך.
לאָמיר, ברידער, די ערד פאַרכאַפּן
און צעטיילן זי גלייך אַף גלייך.

מיר האַסן דעם פּרעפּל פון כאָרן,
דעם טעמפּן געזאַנג פון שווערד —
ס'וועט דער פּויער אַף אייביקע יאָרן
זיין דער איינציקער האר פון דער ערד.

לאָמיר גורטן די לענדן, כאַווער,
קעגן פּריץ און גלח און גאָט —
וועט די זון, ווי אַ גאָלדענע פּאַווע,
אונז אַלעמען שיינקן גנאָד.

פּיר און אַכציק

א ו מ פ א ר ט ײ י א י ש ע ר א י נ ט ע ל י ג ע נ ט:

„זאגט זיך אפּ פון דער וועלט, פון דער פוילער,
טרייסלט אפּ איר שטויב פון די שיך" —
נאר דער מענטש שטייט מיט האַרץ און מיט ווילן,
געשמידט צו זיין אייגענעם „איך".

ב ו ר ז ש ו י:

„מיר באַדאַרפן קיין גאלדענעם גולם,
מיר פאַרהאַסן דעם קיסר'ס פאַלאַץ..."
נאר באַפרייען דעם ווילדן עולם, —
וועט ער אויסרייסן אַלץ פון פלאַץ!...

ב י ר ג ע ר:

אמת, ס'איז שיין דער פּרעכטיקער ספּעקטאַקל:
רויטע פאַנען און העלער עקסטאַז.
...מ'האָט אָבער ביי מיין ווייב דעם פוטער פון קאַראַקול
אַראָפּגעשלעפּט נעכטן אין גאַס...

פּ ר אָ ס ט י ט ו ט ק ע:

ס'אַרא טעג! ס'אַרא העלע פענער!
ס'וואָלט אַלץ געווען פרייליך און גוט —
האָט מען אַוועקגעשיקט אַלע מענער
אומזיסט צו פאַרגיסן בלוט!

צ י ו נ י ס ט:

נו, גוט, מ'האָט אָפּגעשאַפט דעם קיסר,
אַ דאַנק דעם אויבערשטן! צופרידן, מהיכא-תיתא!
נאר צ'ריך געדעדט, — וואָס איז דער אונטערשיד:
אַזוינע, צי אַנאַנדערע ממשלה,
אַז איד — בלייבט איד
און גלות — בלייבט אַלץ גלות...

פינף און אַכציק

מ ע נ ש ע װ י ק :
יאָ, אמת, פריינט, ס'איז ביטער אונזער דאָליע,
איר זייט געדערכט — נאָר כאַפּט זיך נישט — פּאַװאָלי!
װאַרט צו אַ װײַל, װאָס האָט איר נישט קיין צייט?
איר קאָנט נאָך אויפרייצן די פרומע, איידלע לייט!

„ק ו ל אַ ק":
הערט נישט, בירגער, די היציקע שטאַמלער,
איבער אייגענע נוצן װאַכט.
דער דערװײַלטער, דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג
די גאַנצע, די גאָרע מאַכט!

ק ע ר ע נ ס ק י :
מיר האָבן זיך אָקאָרשט באַפרייט פון שקלאַפן,
פאַרכאַפּט פון שאַצקאַמער דאָס ביסל גאָלד,
געשטירצט דעם צאַר — און אַלץ אָן װאָפן —
און ס'האָט געזיגט דער בלוטלאָזער רעװאָלט.

צוזאַמענערשטן מוזן מיר באַשאַפן
אָן אָרדנונג מיט אַלע לייטן גלייך.
דערנאָכדעם... שפּעטער... װעט מען דאַרפן
אַ טראַכט טאָן װעגן „אָרעם-רייך".

דערװײַל נאָך רופט צו אונז די שותּפ'טע אייראָפּע,
מיר מוזן פירן ביזן סוף דעם קריג.
סאָלדאַטן-בירגער, מאַרש אין די אָקאָפּען —
— מלחמה ביזן לעצטן זיג!

### 5. יוליער טעג

פון אייז-ים — ביז קאַווקאַז,
פון ריגע — ביז כאַבאַראָווסק,
אין סאַקליע פון טשערקעס,
איןביידל פון קאַלמיק —

אַף לייגג און ברייט פון פראָנט:
פון מזרח — ביזקל מעריב
האָט אָפּגעהילכט דער רוף:
— „מיר ווילן מער קיין קריג!"

— „צו אַלעמען!
צו אַלעמען!
אַן אויפרוף:
— חברים-זעלנער, אייגענע און פיינט,

קערט אָפּ, קערט אום
די לייִדיקע ווינטאָווקעס
און ברידערט זיך מיט שונא,
ווי מיט פריינט!" —

— „גענוג זאָל זיין,
איר, רייטער, און איר, גייער,
פאַרבלאָנקעטע
אַף יעדן שליאַך און שטיין, —

עס בייִנקט די ערד
נאָך אַקערער און זייער
און ס'איז שוין צייט
זיך אומקערן אַהיים. —

— „מיר דאַרפן שלום
פאַר די אָר'מע שטיבער,
מלחמה —
פאַר די רייכע ווענט!

זיבן און אַכציק

פאַרשטעקט, פאַרשטעקט
„די שפּיזן אין די גריבער"
און שטרעקט דעם שונא
ברידערלאַכע הענט! —

— „ס'איז נישט דער דייטש
מער אונזער ערגסטער שונא
און נישט די קויל
און אויך נישט דער שראַפּנעל —

ס'איז אונזער פיינט אַצינד
די גאָלד-געקרוינטע זונה:
די גאַנצע קרעציקע
און עיפּוש'דיקע וועלט! —

— „זאָל זיין גענוג!
אַ סוף זאָל זיין —
און האָדיע!
גענוג צו פּגר'ן
פון הונגער, ווי אַ הונט.

העי, נישט כדאי זיך ווערן,
ו ו אַ ש ע  ב ל אַ ג אָ ר אָ ד י ע!
דאָס האַרץ איז היים —
און פלאַקערדיק דער בונט! —

— „גענוג מיט אונזער פלייש
צו קאָרמען שוואַרצע ראָבן
און אָנזאַפּן
מיט אונזער בלוט די ערד.

חברים טייערע,
אַרויס פון טוכלע גראָבנס,
אַנאַנדער פראָנט
פון איצט איז אונז באַשערט! —

אַכט און אַכציק

— „פאַראַן אַ קריג,
א שווערערן צו פירן
אַנטקעגן פיינט
אין אייגענע פיר ווענט.

דאָס לאַנד איז אויפגעברויזט:
פאַראַן זיך וואו צעפירן
די שטאַרקע,
האַריקע,
די אויפגעפלאַמטע הענט. —

— „עס ברענט דער רוף —
און הערצער ברענען הייסער:
ביים איד און רוס,
ביים טאַטער און ביים פין.

פארטריבן האָבן מיר
ראַספּוטין און דעם קיסר,
ס'איז צייט שוין קערענסקי'ן
אויך אָפּשיקן אַהין.

— „די האַנט איז טריי
און אויסגעפּרוּאווט אין וואָפן.
די קראַנקע וועלט
פאַרגייט אין שקיעה־רויט.

ש ט י י ט א ו י ף
א י ר, א ל ע,
ו ו ע ר ו ו י ש ק ל א פ ן
א י ן ה ו נ ג ע ר,
ע ל נ ט
א ו ן א י ן נ ו י ט!" —

נײַן און אַכציק

## 6. אָקטיאַבר

ס'האָט שנאה געברענט און געזעטיקט דאָס האַרץ,
ווי קוילן געגליט האָבן בליקן.
ס'האָט אומרו געוואָיעט, ווי ווינטן אין האַרבסט,
אין דערפער, אין שטעט, אין פאַבריקן.

און ווילד האָט צעוויגט זיך די קרוין־שטאָט אין שרעק
מיט גאָר אירע האַפנס און טורעמס
און ברויזיק געטומלט פון עק ביז עק,
ווי האַרבסטיקער וואַלד אין שטורעמס.

און שווער האָט געאָטעמט פעטער'ס שטאָט,
פון צאַר־דאָרף — ביז פעטראָפּאַוולאָווסק: *)
— „שוין צייט זיי באַצאָלן פאַר בלוטיקן טראָט,
פאַר אַלע, פאַר אונזערע עוולות!“ —

— „חברים, דערוואַכט פון געפּענטעטן שלאָף,
שטייט אויף פון אָקאָפּישן שלאַבער:
מ'האָט אין מאַי אונז פאַרשפּראָכן צום קריג אַ סוף —
און איצט איז שוין שפּעטער אָקטיאַבר!

— „פעווראַל האָט מיט האָפנונג געגליט און געברענט,
געצונדן, ווי ליכט פאַר אַ תפילה.
נאָר ס'האָבן פאַרראַטן די בלוטיקע הענט
פון קערענסקי און פון קאָרנילאָוו. **)

— „ערשט נעכטן האָט אַלע געקרוינטע טייז:
מאַיעסטעטן, באַראָנען, געוועזענע,
פאַריאָגט אין די לעכער, ווי קרעציקע מייז.
אַ האַנט מיט אַ שטאָלענעם בעזים, —

*) צאַר־דאָרף און פעטראָפּאַוולאָווסק — צוויי טיילן פון דער שטאָט פעטערבורג.

**) גענעראַל קאָרנילאָוו האָט אין אויגוסט 1917 געוואָלט צוריק איינפירן אַ מאָנאַרכיע אין רוסלאַנד.

נײנציק

— „און היינט שטייט שוין ווידער דער גאַנצער כאָר:
פון ראָדזיאַנקאָ *) — ביז פּראָטאָפּאָפּאָוו **)
און טרוימט אין דער שטיל און דראָעט אפן וואָר
פאַרשקלאַפּן אפ׳סניי די כאַלאָפּן! —

— „געגונג אונז צו הערן די טוכלע רייד
וועגן זיג און שווערדל-פּאָכן.
מיר פאָדערן שלום און ערד און ברויט,
וואָס ס׳האָט אונז פעווראַל פאַרשפּראָכן!" —

אַף ברעגן אַף נעווע׳ר, אַף קאַלטן גראַניט
געזאָטן האָט שוימיקע פינע,
נאָר זודיקער נאָך האָבן הערצער געגליט
מיט רויטער, מיט שוימיקער שנאה.

און מיט זיכערן טראָט און מיט שטאָל אין בליק
און מיט פּשוטע רייד, וואָס ברענען,
געקומען איז שטיל דער ליסער קאַלמיק —
װ ל א ד י מ י ר א י ל א י ט ש ל ע נ י ן.

און איינער אַ יונג, מיט אַ פּנים פון שטאָל
און מיט הענט, ווי צוויי מאַכיקעביימער,
האָט העל זיך צעשריען מיט אַ מעכטיק קול:
— „ח ב ר י ם!..
אַ צ י נ ד...
אָ ד ע ר ק י י נ מ אָ ל!.." —

און היים האָט געפלאַקערט דער פלאַמיקער רוף,
געצונדן די הערצער, ווי בריקן:
— „העי, יונגען, העי, יאַטן, וואַכט אוף און שטייט אוף,
אין דערפער, אין שטעט, אין פאַבריקן!" —

---

*) ראָדזיאַנקאָ — דער פאָרזיצער פון דער דומע.

**) פּראָטאָפּאָפּאָוו — איינער פון די לעצטע מיניסטאָרן אין צאַר ניקאָלאי׳ס רעגירונג.

באַלשעוויק:

— „צו אַלע אַנטווישטע און מידע,
געבוירענע קינדער פון נויט:
צום ערשטן ווילן מיר פרידן,
און צווייטנס ווילן מיר ברויט!

צואוואָס, צואוואָס די לעבנס
פאַרשניידן יונגערהייט?
די ערד איז אַלעם געגעבן
פאַר אַרבעט, שטרייט און פרייד.

מיר מוזן די כוחות שוינען
און קיינמאָל נישט ווערן מיד.
ס'איז ד ע ר אונזער בלוטיקער שונא,
וואָס לעבט נישט פון אייגענער מי!

איר אַלע, וואָס זיינען געשטרויכלט,
גלייכט אויס אייער רוקן אין שפּאַן:
פאַראַנען פאַר יעדן אַ שמייכל,
פאַר אַלעמען פרייד איז פאַראַן.

מיר שמידן פון ברויזיקן תוהו
פון הערצער און שטאָל אַ בריק:
דעם בונד פון'ם אַרבעטער-פויער,
דעם בונד פון ערד און פאַבריק.

מיר האָבן אַ וויטן מהלך.
נאָר וואָרהאַפּטיק: — ס'איז אונז באַשערט
מיר זאָלן באַפרייען דעם קיילעך
פון אונזער געפּענטעטער ערד.

עס רופן צו אונז די שקלאַפן
פון נאָענט און וויטער ווייט —
גורט אָן אייער לענד מיט וואָפן
צ ו ם ל ע צ ט ן אַ נ ט ש י י ד ע נ ע ם ש ט ר י י ט!"—

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

צווי און נײַנציק

מיט אַ בערדל אַ שאַרפס און מיט צאַרטע הענט,
מיט אַ קאָפּ, ווי אַף בילדער געמאָלן,
געדונערט האָט  ט ר אָ צ ק י  צווישן ווייסע ווענט
פון אַריסטאָקראַטישן סמאָלני *)

— „חברים, אין רייען צום ווינטער־פּאַלאַץ,
צו דער פעסטונג, דער לעצטער פון יונקערם!" — **)
און ביקס האָט געקלאַפּט אין קאָנטאַקט מיטן האַרץ
און האַרץ האָט געשפּריצט מיט פונקען.

און ס'האָבן געהאַווקעט אַף דאַך און אַף פּלויט
געטרייע, ווי הינט, פּולעמיאָטן —
און בלוטיק איז דעמאָלט די שפּע פון טויט
אַף שטיינערנע פעלדער געראָטן.

און הייסער פון הערצער געברענט האָט די שלאַכט,
געגליט אין די ברוויזיקע בלוטן:
— „איר, הינטישע זין, גיט אונז אָפּ די מאַכט,
גיט אונז בעסער די מאַכט מיט גוטן!" —

און ס'האָבן פּאַדיאַווקעס און לעדערנע רעק,
מיט הערצער צעבליטע פון ווינטן,
געקעמפט מיט באַגנעטן, מיט פויסטן און העק
אַנטקעגן דעם לעצטן געזינדל.

ס'האָט בלוט זיך געגאָסן פאַר יעדן שפּאַן
אַף פּליושענע ווענט פון זאַלן —
און טויט איז געפאַלן דער לעצטער קלאַן:
דאָס רעשטל פון צאַר'ס גענעראַלן.

*) סמאָלני אינסטיטוט — דער הויפּט־שטאַב פון די באָלשעוויקעס אין פּעטערבורג אין 1917.

**) אין קייזערלאַכן ווינטער־פּאַלאַץ האָבן זיך קאָנצענטרירט די יונקערס, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן די באָלשעוויקעס אין אָקטיאַבער־אויפשטאַנד.

ווען ס'האָט זיך צעגעניצט דאָס דאַרשטיקע מויל
פון באַלטישן קרייצער „אַווראָראַ" *),
האָבן יונקערס געוואָרפן די ביקס און קויל
אַף טרעפּ פון פּאַלאַץ'ס קאָרידאָרן.

און דערזעלבער יונג, מיט'ן פּנים פון שטאָל,
נאָר מיט אויגן — ווי בלויע זונען,
האָט העל זיך צעשריען מיט'ן מעכטיקן קול:
— „ח ב ר י ם,
מ י ר ה אָ ב ן
ג ע ־ ו ו א ו ־ נ ע ן!!!" —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'האָט זון שוין געטראָטן מיט גאָלדענעם שוך
איבער וואָלקנס, ווי טעפּיכער וואָלענע,
ווען ס'האָט זיך צעצונדן דער רויטער טוך
אַפן העכסטן שפּיץ פון סמאָלני.

און ס'האָט זיך די בשורה צעווייגט און צעשפּרייט
אַף גאַסן, אַף שטיבער און פלויטן,
און העל האָט געהילכט אין קאַיאָריקער פרייד
דער כאָר פון די זיגער, די רויטע:

ס אָ ל ד אָ ט ן א ו ן אַ ר ב ע ט ע ר ־ כ אָ ר:
— „עס ברענט דער זיג ווי העלער פּאַרמעט
אין הייסע הערצער וועקט און מאָנט:
שטייט אויף, איר, זין פון נויט און אָרמוט,
דער טאָג פון רעכנשאַפט איז נאָנט!

דער שטרייט איז היים און וועקט צו טאַטן,
ווי שרפות אין דער שוואַרצער נאַכט.
מיר וועלן אָפּגעבן די ר אַ ט ן
די גאַנצע האָרעפּאַשנע מאַכט! —

*) „אַווראָראַ" — די קריגס־שיף, וואָס האָט געשאָסן אַפן ווינטער־פּאַלאַץ בשעת'ן אָקטיאַבער־אויפשטאַנד.

פיר און ניינציק

מיר שטערן און בויען
פון ברויזיקן תוהו
דורך שנייען און קעלט.

**מיר וועבן און שפינען**
אין גאָלד פון באַגינען
אַ ליכטיקע וועלט.

די קראַנקע וועלט פאַרגייט אין זשאַווער,
אַ ברודנע, ווי אַ קויטיק העמד.
ביזט נישט אומזיסט, געטרייער חבר,
געשטאָרבן הפקר אין דער פרעמד.

די האַנט איז אויסגעפּרואווט אין וואָפן.
די קראַנקע וועלט פאַרגייט... פאַרגייט....
שטייט אויף
איר, אַלע,
וועַר, ווי שקלאַפן,
אין הונגער,
עלנט
און אין נויט!" —

מיר שמידן דעם ווילן,
דעם הייליקן ווילן
פון ארבעטער לייט.

ס'איז, ברידער און שוועסטער,
געווען דאָס דער לעצטער,
אַנטשיידענער שטרייט!" —

אָקט. 1927 — יאַנ. 1928.

